# רעדנער און דענקער

## דרשות פאַר אַלע אידישע ימים טובים
## און אַנדערע געלעגענהייטען

**איין אָפּשפּיגלונג פון אידישען און אַלגעמיינעם**
**לעבען און געדאַנק**

---

**ערשטער טייל**

---

פאָרגעטראָגען פון

## הרב דוד מנחם שאָכעט

רב דביהכ"נ אגודת אחים
יאָנקערס, נ. י.

(דאָקטאָר פילאָסאָפיע קאלאָמביא אוניווערסיטעט; דוקטור
לספרות העברית מאת בית מדרש לרבנים בנויאָרק)

מחבר פון די ענגלישע ווערק:
„המשפט העברי בימי הבינים"; „נתוח המת להלכה";
„לקורות כתבי הקדש".

---

**פרדס פובלישינג הויז, אינק.**
**י. ז. בוכבינדער, נשיא**
27 קאנאל סטריט, ניו-יאָרק נ. י.

---

ת ר צ " ג

# Preacher and Thinker

*A COLLECTION OF SERMONS*
*for Jewish Holidays and Other Occaisons*

Preached from the pulpit of Congregation
Agudas Achim, Yonkers, N. Y.

*by the*


RABBI DAVID M. SHOHET
M.A.; Lh. D.; Ph. D. (Columbia University)


*Author: "The Jewish Court in the Middle Ages"; "The Bearing of the Newly Discovered Papyri on Biblical History"; "Autopsy Alluding to Jewish Law".*

---

**VOLUME I**

---


**Pardes Publishing House, Inc.**
U. Z. BOOKBINDER, President
27 Canal Street, New York, N. Y.

---

**1933**

# הרב דוד מנחם שאָכעט

בן הרב הגאון המפורסם ר' חיים נתן שאָכעט זצ"ל
בעל מחבר פון ספרי הלכה און דרוש.

דאָקטאָר פילאָסאָף פון קאלאמביא אוניווערסי־טעט און דאָקטאָר פון העברעאישע ליטעראטור פון אידישען טעאָלאָגישען סעמינאר. פראָפעסאָר פון אַ וויסענשאַפטליכען ווערק אין ענגליש: „המשפט העברי בימי הבינים", על פי שני התלמודים, ספרות הגאונים ושאלות ותשובות של ימי הבינים; „נתוח המת להלכה", און אַ ווערק אויף די ביבלישע געשיכטע. אַ פּראָ־דוקט פון די היימישע ישיבות און מוסמך. ער האָט משמש געווען בקדושה אויף כסא הרבנות אין די גרויסע אָרטאָדאָקסישע געמיינדען, וואו ער האָט געפּרעדיגט מיט אויסערגעוועהנליכען ערפאָלג אין ענגליש און אידיש, אין די שוהלען: „תפארת ישראל" אין קאלומבוס, אָהייאָ, אין קאָנגרעגיישאָן „בית אל", דאָרטשעסטער, באָס־טאָן, מאַסס. און „אגודת אחים", יאָנקערס, נ. י.

# מוקדש

לזכר אבי מורי הרב הגאון האמתי, דרשן נפלא

## חיים נתן שאָכעט

זכרו קדוש וברוך.

ישב על מדין, והורה הוראה בישראל חמשים שנה.
חבר ספר „זכר חיים" על תשובות; ו„דברי חן"
על דרוש. אראלים נצחו את המצוקים
ונשבה ארון הקודש, ותעל רוחו השמימה,
ב' דשבועות, תרפ"ב, פּאָרטלאנד, מעין

בנך המתאבל.

# אינהאַלטס פאַרצייכענים:

---


פאָרוואָרט פון די אַרויסגעבער.........................................

אַ קורצע הקדמה...........................................................

דרוש לראש השנה (דער ציעל פון לעבען)........................... 13

דרוש לראש השנה (דער פאַרגעסענער)............... ...................... 20

דרוש לראש השנה (ווען דער שופר בלאָזט)............................. 31

דרוש לכל נדרי (גבורה).......................................................... 38

דרוש ליום כפור (איכה — וואו ביזטו).................................. 46

דרוש ליום כפור (די שפּראַך פון געוויסען)............................ 53

דרוש להזכרת נשמות — יום כפור (ווי אַלט ביזטו?)................ 65

דרוש לסכות (שמחה ובטחון).................................................. 73

דרוש להזכרת נשמות — לשמיני עצרת (דו־פּרצפים)................ 84

דרוש לחנוכה (אַגרעסיווע אידישקייט).................................... 93

דרוש לפרשת שקלים (גאָט'ס מהות)....................................... 104

דרוש לפרשת זכור (איין אַרויספאָדערונג צום אידישען פאָלק).... 113

דרוש לפסח (אַ פריינד אָדער אַ שונא).................................... 121

דרוש לפסח (פרייהייט און געזעץ)......................................... 131

דרוש להזכרת נשמות — אחרון של פסח<br>(לעבעדיגע שטימע פון קבר)............................................ 141

דרוש לשבועות (אַ געטליך מענשליכע תורה)............................ 152

# פאָרוואָרט פון די אַרויסגעבער

מיט די ערשיינונג פון ספר „רעדנער און דענקער" ווערט גלייכצייטיג געשאַפען אַ נייע עפּאָכע אין דער דרוש ליטעראַ־טור. מיר האָבען פאר זיך אַ זעלטענע קאָמבינאַציע: רעדנער פון גרויסען קינסטלערישען טאַלאַנט, און דענקער פון אַ ערשט קלאַסיגען פילאָזאָפישען פאַרנעם און מיט די הייליגע פילאָזאָ־פישע געדאַנקען און שטימונגען, באַנוצט זיך דער מחבר מיט איידעלע ציורים וואָס גיט די גלייכע ריכטונג צו באַגרייפען דעם העכערען געדאנק און טיעפזיניגען מיינונג.

תורה, תפלה, עבודה, מענש, וועלט און לעבען אין די פאַרשיעדענע פאַרבען, און דיפערענצען, אויך יעדע מעגליכע ערשיינונג, פאַסירונג פון אידישען לעבען און אַטמאָספערע, מאָלט הרב דר. דוד מ. שאָכעט אויף אַ קינסטלערישען אופן און צוגלידערט מיט אַ פאַרבענרייכע פאַנטאַזיע פון יעדען פאַר־באָרגענעם ווינקעל פון מענשענס לעבען, מאַכענדיג אַ פאַראַלעל פון דער נאַטור, וויסענשאַפט, און יעדע אַנשויאונג פון מענ־שענס לעבען.

אַלעס ווערט געשילדערט מיט אַ פּאָעטישען סטיל אין אַ ריינער אידישער שפראך, און דער עיקר דער שאַפונגס פּראָצעס פון יעדע דרשה מיט די פאַרשיעדענאַרטיגע מאַטעריאל און רעיונות וועלכע זיינען באַזירט אויף מאַמרי חז"ל און מדרשים האַלט אוים דעם אינהאַלט פון אָנהויב ביז צום ענ־דע. און אָט די הויכע מיינונג וואָס מיר האָבען וועגען דעם ספר „רעדנער און דענקער" האָט אויך געבראַכט דערצו וואָס מיר האָבען באַוועגען דעם ווירדיגען מחבר צו דער שאַפונג.

מיט דער פולסטער האָפנונג דאָס דער גורל פון דיזען ספר זאָל זיין דאָס זעלבע פאר די מאַסען.

## בית מסחר ספרים „פרדס"

**י. ז. בוכבינדער,** פּרעז.

# אַ קורצע הקדמה

לויט דעם ראַטה און פאַרלאַנג פון פיעלע פון מיינע פריינד און הערער, גיב איך אייך, ווערטהע קאָלעגען רבנים, דרשנים און ליעבע שול אידען, אין דיזען ספר „רעדנער און דענקער", אַ טייל פון די דרשות וועלכע איך האָב פאָרגע־טראָגען אין ענגליש, אידיש און אָפטמאָל אויך אין העברעאיש, פאַר די לעצטע אַכצעהן יאָהר, זייט איך שטעה אויף דער בימה און פרעדיג, וועק און אַפּעליר צו דער אידישער נשמה, הארץ און מח, פאר גאָט, די תורה, ישראל סבא און אי־דישקייט; פאַר מאָראַלע און עטישע שעהנקייט אין אידישען און אלגעמיינעם לעבען.

דיזע דרשות זיינען בשעתם פאָרגעטראָגען געוואָרען מייסטענס אין ענגליש פון מיין יעצטיגער בימה אין די אגודת אחים געמיינדע, האָדסאָן סט. סינאַגאָג, אין יאָנקערס, נ. י. זיי זיינען אויסגעקליבען געוואָרען צוליעב דעם אונ־געהויערען עפעקט און איינדרוק וועלכע זיי האָבען געמאַכט אויף די צוהערער, און זיינען בעארבייט געוואָרען אין אי־דיש לויט דעם ראַטה פון מיינע פריינד, און פון דעם ארוים־געבער, מיין ווערטען פריינד, המשכיל מר י. ז. בוכבינדער, נשיא „פרדס פובלישינג הויז", אום צו געבען אַ מעגליכ־קייט צו די ברייטערע שיכטען פון אידישען פאָלק וועלכע פאַרשטעהן, לעזען, פיהלען און באַנוצען זיך מיט מאַמע לשון, זיך צו באַנוצען מיט דיזען ווערק, וועלכער, איך האָף, וועט אינספּירירען, ערמוטהיגען אידישעם לעבען, געדאַנק און וויסען, און סטימולירען אַ שעהנערען און מעהר ערפאַרענעם באַגריף פון לעבען.

דרשות זיינען ניט געמיינט געשריבען צו ווערען. זיי זיינען תורה שבעל פה. זיי שאַפען זייער חיות, זייער פרישקייט פון דעם לעבעדיגען געשפּראָכענעם וואָרט, וועלכער קוועלט פון דער טיפקייט פון דער נשמה און ווערט אינספּירירט פון די אומגעבונג, אומשטענדען און אודיענץ. דער טויטער גע־

דרוקטער ווארט נעמט אוועק א גרויסען טייל פון דיזע לע־
בעדיגקייט, און דערפאר האב איך געפיהלט גרויסע שוועד
ריגקייטען אין „שרייבען" די דרשות. עס האט זיך געפיהלט
ווי צו פרעדיגען אנשטאט „שרייבען" וועלכע איז אנגעקו־
מען מיט גייסטיגע מאטערניש. אבער א דאנק זיין ליבען נא־
מען! און אט זיינען זיי, די דרשות, א טייל פון די פונקען פון
מיין נשמה, געגרייט, האפענטליך, אנצוצינדען גאטעס ליכט,
און צו העלפען אנהאלטען דעם נר תמיד אום ער זאל ניט אויס־
געלאשען ווערען. און דאס וועט זיין מיין שכר, מיין געצאהלט
פון א לעבען פון גייסטיגע ארבייט און שטרעבען.

יעדע דרשה ענטהאלט מאטעריאל כמעט פאר דריי,
פיער דרשות און נאך מעהר, אן זיי קענען באנוצט ווערען
לויט דעם געברויך און אומשטענדען.

עס איז א מנהג אויסצודריקען „דאנקזאגונגען" אין
א הקדמה צו א ספר. איך טהו עס גערן און מיט אכטונג
צו די געמיינדען וועלכע איך האב געהאט די עהרע צו די־
נען אלס גייסטיגער פיהרער פאר די לעצטע אכצעהן יאהר.
נעמליך, מיין ערשטע געמיינדע „תפארת ישראל" אין קאלומ־
בוס, אהייא, די עדה נכבדה וחרדית „בית אל" דארטשעסטער,
באסטאן, מאסס, ואחרון אחרון חביב, מיין יעצטיגע ווירדיגע
געמיינדע, א כנסיה שהיא לשם שמים וסופה להתקיים —
„אגודת" אחים", יאנקערס, נ. י. זאל דער זכות פון החזקת
התורה ולומדיה זיי בייזשטעהן און זאלען געבענשט ווערען
ביי דעם מקור הברכות מיט אריכות ימים ושנים, מיט נחת
ושמחת החיים.

ואני תפלה, כי יהיו לרצון אמרי פי והגיון לבי. דאס
מיין גייסטיגע ארבייט זאל עולה ליפה זיין און אינספירירען
וויטערע ארבייט אין דיזען פעלד.

כעתירת זעירא דמן חבריא, עבד לעבדי ה׳,

**דוד מנחם ב׳ הגאון חיים נתן זצ"ל שאכעט**

רב דבית"כ אגודת אחים, יאנקערס, נ. י.

א׳ תצא, ה׳ באלול, התרצ"ג.
(יום הולדת בני הבכור, יצחק ראובן יחי׳).

# דרוש לראש השנה

## דער ציעל פון לעבען

עלה אל הר העברים הזה הר נבו אשר בארץ מואב אשר על פני ירחו וראה את ארץ כנען אשר אני נותן לבני ישראל לאחזה, ומות בהר אשר אתה עולה שמה והאסף אל עמיך, כאשר מת אהרן אחיך בהר ההר, כי מנגד תראה את הארץ ושמה לא תבא.
(דברים ל״ב).

און ווידער שטעהען מיר אויפ׳ן שוועל פון אַ נייעם יאָהר, און אויב פילע פון אונז באַגעגענען דעם נייעם יאָהר מיט אַ „ברוך הבא״, ווייל זיי פיהלען ניט קיין דעפּרעשאָן און האָבען אפילו אין דעם שלעכטען לעצטען יאָהר זייערע קאַפּי־טאַלען פאַרדאָפּעלט, באַגעגענען אָבער אנדערע דעם יאָהר מיט אַ וועטאָג אין זייערע הערצער, ווייל דער לעצטער יאָהר האָט זיי ענטוישט, און פאַרצווייפעלט פרעגען זיי שומר מה מלילה שומר מה מליל, גאָט וואָס פאַר אַ יאָהר איז דער קומענ־דער?

„עלה אלהים בתרועה, ד׳ בקול שופר״, מיר ווּעלען הע־רען באַלד דעם שופר אָבער ווער ווייס וואָס זיין שטימע וועט אונז אָנזאָגען, וועט עס זיין רחמנות, די שטימע פון תקיעה נצחון און גליק, אָדער חו״ש די שטימע פון אלהים — פון מדת הדין פון תרועה און שברים, צובראָכענהייט, קרעכצען און טרעהרען.

אַלע זיינען מיר אין מקום קדוש איצט געקומען, אנשים, נשים וטף, און דער הויפּט מאָטיוו פון אונזער קומען אַהער איז לשפך שיח, אויסגיסען אונזערע הערצער פאַר׳ן בורא עולם, וואָס זיצט על כסא דין און בעטען „זכרנו לחיים מלך חפץ

בחיים״, לעבען, אלמעכטיגער, לעבען גיב אונז, ווייל דו ווילסט דאך מיר זאלען לעבען, דו אליין ביזט דאך א אלהים חיים. ווי האפנונגספול קלינגען די ווערטער. א מלך בשר ודם איז שטערבליך און דאריבער אויך האפנונגסלאז, אבער דו גאט פארקערפערסט מיט דיין וועזען דאס אונשטערבליכע, די איי־ביגקייט אליין. „באורך נראה אור״ אין דיין ליכט זעהט זיך אונזער ליכט, ווייל מיר זיינען געשאפען געווארען אין דיין געשטאלט בצלם אלהים, און אונזער נשמה איז א חלק אלוה ממעל, א טייל פון דיין וועזען.

זכרנו לחיים, דערמאן אונז צום לעבען, אבער וואס הייסט עס לעבען? ווי קורץ דער לעבען איז! איז דען ניט אונזער לעבען אזוי באגרעניצט, איידער מיר האבען א מעג־ליכקייט ארום צו קוקען זיך און באטראכטען זיין אינהאלט ווערט דער לעבען אפגעשניטען. „ימינו כצל עובר״, ווי א שאטען געהן עס פארביי, אונזערע צילען ווערען קיינמאל ער־רייכט, אונזערע האפנונגען און חלומות ווערען קיינמאל פאר־ווירקליכט. און טיף אין אונזער נשמה, הארץ פאר׳גנב׳ט זיך די פראגע: למה לי חיים? צו וואס דאס לעבען? שיינט דאס ניט ווי דער כביכול מאכט חוזק פון אונז מענשען־קינ־דער? די וועלט איז א ביהנע און מיר איהרע שוישפילער, זאגט שעקספיר, אבער שפילען מיר ניט אלע דאס טראגישע און קאמישע טייל, איז דען דא א מענש אויף דער וועלט סצענע וואס זאל קענען זאגען אז ער האט געשפילט א גליק־ליכע ראלע. און בכלל איז דען פאראן אזא זאך ווי גליק אויף דער וועלט? מיר אידען וואס האבען מיר פון לעבען, מעהר ווי פאגראמען, גרושים, שרפות און אייביגע שנאה. לוינט דען צו בעטען און קעמפפען פאר אזא עקזיסטענץ?

דער ענטפער אויף דעם ליגט אין די אויבען דערמאנטע פסוקים. אין קורצע, אבער מייסטערהאפטע, קלאהרע שטרי־כען, מאלט אונז די תורה דעם לעצטען שטערבליכען אקט אין

משה רבנו׳ס לעבען. טראַגיש איז זיין לעבען געווען, אָבער פיל טראַגישער זיין טויט.

אויפ׳ן שפּיץ באַרג נבו אין מואב לעבען ירדן שטעהט דער מאַיעסטעטישער משה און מיט זיינע טיפע דורכזיכטיגע אויגען דרינגט ער דורך אַ וואונדערבאַרע פּאַנאָראַמע. ער זעהט פאַר זיך אויסגעשפּרייט דעם ירדן טהאָל מיט זיינע פעלדער און פּאַלמען בוימער, ער זעהט פאַר זיך יהודה׳ס בערג, דעם גליל און חרמון, די פרוכטבאַרע טהאָלען פון שומרון, יזרעאל, דאָס לאַנד גלעד, נפתלי ביז׳ן מיטעלענדישען ים, דעם גאַנצען נגב, יריחו עיר התמרים, די פּאַלמען שטאָט, און גאָט זאָגט: משה, דאָס איז די צוגעזאָגטע לאַנד צו אברהם, יצחק און יעקב פאַר זייערע קינדער, דער ענד ציעל צו וועלכע ער האָט געשטרעבט צוזאַמען מיט די ישראל קינדער אריינגעהן אין לאַנד און זיי צוטיילען. דאָס גליק איז נאָהנט, אָבער אין מיטען די אַלע האָפנונגען קלינגט אָפּ גאָטס וואָרט אין זיינע אויערען „הראיתיך בעיניך ושמה לא תעבור״, כ׳האָב בלויז דיר געוויזען דאָס לאַנד, אָבער אריינגעהן אַהין קענסטו ניט, שטאַרב אין מואב. און פאַרוואָס האָט משה אַזאַ פּסק פאַרדינט, ווייל ער האָט געצווייפעלט אויב אַ שטיין קען וואַסער געבען דורך ריידען צו איהם, אַזאַ קליינינקייט און ווי גרויזאַם די שטראָף איז, משה ווען די חז״ל זאָגען „לא איברא עלמא אלא למשה״.

דאָ ליגט די פילאָזאָפיע פון לעבען. יעדער פאַלשער שריט קען אָפּט צושמעטערען אַ גלענצענדע אינהאַלטסרייכע קאַריערע, און דאָס ערגסטע ווען עס קומט שוין צום ענדציעל, ביי דעם גרעניץ פון האָפנונגס פאַרווירקליכונג. די תורה מיינט צו באַוואָרענען: מענש זיי פאָרזיכטיג!

איז אָבער די פראַגע, אויב משה׳ס לעבען איז געווען אַ דורכפאַל? ניין! אדם לעמל יולד, יעדער איז געבאָרען געוואָרען אום צו שאַפען, עפּעס צו טאָן פאַר דער מענשליכער גע-

זעלשאַפט, „לא עליך המלאכה לגמור ולא אתה בן חורין להבטל ממנה”, דו ביזט באַגרעניצט, ערוואַרט ניט אַלעס צו פאַרווירקליכען צו וואָס דו האָסט געצילט, ס'איז אומעגליך. זייט די וועלט איז באַשאַפען, האָט נאָך ניט פאַסירט אַז אַ מענש, אפילו משה רבנו, זאָל קענען זאָגען אַז זיין לעבען איז פאַלקאָם. דאָס לעבען איז נאָר אַ פראַגמענט, אַ טאָג מעהר אָדער ווענינער מאַכט קיין אונטערשיעד ניט אין דעם אומענד־ליכען לעבענס געלאָף. דער העלד איז ניט דער יעניגער וואָס קען אַלע מאָל אָנצייגען אויף ערפאָלג, נאָר דער וואָס האָט אַ קלאָהרען ציעל וואָס ער שטרעבט צו פאַרווירקליכען. אין גאָט'ס בוכאהלטעריע איז ניט אזוי וויכטיג דאָס וואָס אַ מענש האָט ווירקליך אויסגעפיהלט, נאָר דאָס וואָס אַ מענש האָט גע־שטרעבט און געציעלט. מאַכען פעהלערען איז מענשליך, אָבער שטרעבען איז די העכסטע מאָראַל. ס'איז בעסער צו וואוינען אין אַ הייזקע אין אַ טאָהל מיט אַ שטרעבונג צו וואוינען אַמאָל אין אַ פּאַלאַץ אויפ'ן בארג, איידער צו וואוי־נען אין פּאַלאַץ ניט האָבענדיג מעהר אויף וואָס צו האָפען. דאָס ערשטע איז לעבען, דאָס צווייטע איז טויט. שטאַרב אין מדבר ווען נויטיג, אָבער אויף דעם העכסטען פונקט פון מדבר קוק ארוים אויף דאָס שעהנע לאנד וואו דו האָסט געציעלט און געשטרעבט און דיין לעבענס ציעל וועט זיין פאַרווירק־ליכט

די אויפגאַבע פון אַ מענשען'ס לעבען זאָגען די חז"ל איז געגליכען צו אַ מלך וואָס האָט געהאַט אַ פעלד מיט אַ טיי־פען גרוב אין איהר. ארבייטער האָט דער מלך געשטעלט צו פאַרשיטען די גרוב. זעהענדיג די ענדלאָזיגקייט פון דעם גרוב, האָבען איינינע ארבייטער זיך אָפּגעזאָגט פון דער אונטער־נעהמונג, ווייל מען וועט ניט קענען אויספילען די גרוב. האָבען אָבער די קליגערע געזאָגט, מיר'ן ארבייטען ווייל מיר זיינען געדונגענע טעגליכע לוין ארבייטען (אנן פועלי דיממא

אנן), ביי דער ענדע פון יעדען ארבייטס טאָג וועלען מיר אונזער ציעל האָבען עררייכט, דעם ענד ציעל וועלען מיר לאָזען פאר אונזערע נאָכפאָלגער... אויך משה'ס לעבען איז ניט געווען קיין דורכפאל, עלה אל הר העברים הזה, עליה היא לך ואינה ירידה — ספרי. פאר דיין אינהאַלטסרייכען לעבען איז דיין שטאַרבען אין דער מדבר ניט קיין ירידה, ניט קיין דורכפאל, נאָר אן עליה אַן ערפאָלג. האָסט געשטרעבט און דיין ציעל עררייכט. דיין תלמיד יהושע ער וועט עם דורכפיהרען אין לעבען, „עד שלא שקעה שמשו של משה זרחה שמשו של יהושע" (ב"ר, פ' נח).

ונתתי מרוחך עליו — משה'ס גייסט איז איבערגעגאנגען צו יהושע'ן, וועמען ער האָט אינספירירט און וועלכער האָט פאַרענדיגט זיינע ארבייט. ס'איז דאָ אַ גייסטיגע אייניגקייט צווישען מענשען, און די גייסטיגע אייניגקייט שפּיגעלט זיך אָפּ אין דער גאנצער מענשהייט, דער קומענדער דור איז גייסטיג געקייטעלט צום עבר'דיגען דור פון וועמען ער ווערט בעאיינפלוסט און אינספירירט.

דאָס איז דער אינהאַלט פון דער תפלה פאר'ן לעבען ראש השנה צום „אלהים חיים". פונקט ווי גאָט איז אַ אייביגקייט און א אייניגקייט, ווייל ער פארקערפּערט דאָס לעבען וואָס איז אַ אונענדליכער שטראם, אזוי איז דער יחיד אַלס אַ טייל פון דער גאַנצער מענשהייט אַן אייביגקייט דורך זיין שטרעבען, צילען און האָפען.

און דאָס איז דער סימבאל פון שופר און די פילאָזאָפיע פון אידישען לעבן אלס פאָלק.

„אמר הקב"ה תקעו לפני בשופר של איל כדי שאזכור לכם עקדת יצחק", בלאָזט שופר מיט'ן האָרן פון אַ באראַן, כדי איך זאָל זיך דערמאָנען יצחק'ס עקדה. די אייביגקייט פון גייסט שפּיגעלט זיך אָפּ אָם שעהנסטען אין די אבות וואו

דער זוהן איז דער גייסטיגער יורש פון פאָטער, דער זוהן פאַר־פאָלקאָמט די אידעאַלען, צילען און האָפנונגען פון פאָטער.

דער אַלטער פאַטריאַרך אברהם געהט מיט זיין גע־ליבטען זוהן, וילכו שניהם יחדו, ביידע זיינען בערייט מקריב צו זיין קרבנות. דער פאָטער זיין זוהן, און דער זוהן זיך זעלבסט ווייל אזוי וויל גאָט.

מעשה אבות סמן לבנים, און דאָ ליגט דער סוד פון קיום האומה. אַ אומה וואָס אין איהר פיער טויזענד יאָהריגע געשיכטע קען נאָר אַנדייטען אויף אַ קורצע גליקליכע פעריאָדע פון פערציג יאָהר, ווייל איין פעריאָד האָט נאָכגעפאָלגט דעם צווייטען, פאַרמירענדיג אַ רינג אין דער גאָלדענער קייט פון גייסטיגע איינהייט. פאָלק תורה און גאָט, ישראל ואורייתא וקודשא בריך הוא חד הוא.

„לפי שהיה אברהם רואה את האיל נתש מן החורש והולך ומסתבך בחורש אחר, כך עתידין בניך להסתבך במלכיות מן בבל למדי וממדי ליון ומיון לאדום, וסוף שיגאלו בקרני של איל״. פונקט ווי דער איל פון דער עקדה פארפלאָנטערט זיך צווישען די דיקע בוימער פון וואַלד, אזוי וועלען דיינע קינדער בלאָנדזשען פון איין מלוכה צו אַ צווייטע און וועלען אויסגע־לייזט ווערען דורך די הערנער פון איל פון די קרני הוד, פון דער שעהנער קרוין פון דער תורה.

גלו למצרים שכינה עמהם, גלו לעולם שכינה עמהם, גלו לאדום שכינה עמהם, היה ישראל כצבי מודח״, ישראל איז ווי אַ געיאָגטער הירש, פון לאנד צו לאנד, פון בלוט דורשטי־גע חיות אין מענשען געשטאַלט, יעדער טייך — רויט פון זיין בלוט, יעדער לאַנד — זיין קבר, און דאָך עקזיסטירט ער, ווייל די שכינה איז מיט איהם, איבעראל איז די תורה מיט איהם, אומעטום שוהלען, תלמוד תורות, ישיבות, געשפונען דעם זיידענעם פאָדים פון זיין טראַדיציע, דעם פאָדים פון סיני און דאָ ליגט דער יסוד פון דער אידישער עקזיסטענץ דער

„צבי מודח" לעבט איבער זיינע שונאים, ווייל „וילכו שניהם יחדו".

לאָמיר האָפען אַז „יחדו" וועלען מיר ניט נאָר צו עקדות געהן, נאָר אויך בשמחה אין ציון וירושלים, אמן.

---

# דרוש לראש השנה

## „דער פאַרגעסענער"

ויכלו המים מן החמת ותשלך את הילד תחת אחד השחים ותלך ותשב לה מנגד הרחק כמטחוי קשת כי אמרה אל אראה במות הילד ותשב מנגד ותשא את קולה ותבך. וישמע אלהים את קול הנער ויקרא מלאך אלהים אל הגר מן השמים ויאמר לה מה לך הגר, אל תראי כי שמע אלהים אל קול הנער באשר הוא שם קומי שאי את הנער והחזיקי את ידך בו כי לגוי גדול אשימנו. ויפקח אלקים את עיניה ותרא באר מים ותלך ותמלא את החמת מים ותשק את הנער ויהי אלהים את הנער ויגדל. (דברים כ"א).

ווען מיר לייענען די ווערטער אין דער תורה היינט אין יום הזכרון, אנטוויקעלט זיך פאַר אונזערע אויגען אַזאַ בילד: אַ ווייטער אונענדליכער מדבר, אַ ברענענדע זון איבער'ן קאָפּ און זאַמד ברענענדע אונטער די פיס, קיין בוים, קיין שאָטען. דער מדבר — באַהערשט פון אַ טיפע שטילקייט, פלוצים ווערט די שטילקייט געשטערט פון אַ פאַרשטיקטען געוויין, ס'ווײַנט אַ פאַרטריבענע פרוי, איהר אויסזעהן — שרעקליך, די ליפּען — פאַרטריקענט, די צונג אין מויל ווי פאַרמענט, די אויגען פאַרלאָפען מיט בלוט, האַלב אַ פאַר'חלש'טע, זי לעכצעט נאָך אַביסעל וואסער, און ניט אזוי פאַר זיך ווי פאַר איהר קינד וואָס שמאַכט און גוסס'ט, די מוטער ערווייטערט זיך פון קינד אום ניט אַנצוקוקען זיין שרעקליכען גוסס'דיגען קאַמפף, זי איז פארצווייפעלט, איהר דוכט זיך אַז איהר סוף איז שוין געקומען. גאָט האָט אָבער אָן איהר ניט

פארגעסען, ער האָט געזעהן איהרע ליידען און געהערט איהרע שמערצען. און זייענדיג אזוי פארזונקען אין א שלוכצענדיגען זיפצען הערט זי פלוצים אַ שטימע מה לך הגר? וואָס פעהלט דיר הגר? און אַ שטראָם פון האָפנונגען פליסט דורך איהר צוּבראָכענעם געמיט. און הגר גיט קיין אַנטוואָרט אויף דער פראגע, דער מדבר, די גאַנצע וויסטע אומגעבונג איז א גענוגענדער ענטפער אויף דער פראַגע.

הגר'ס טראַגעדיע, איז איינע פון די טויזענדע מענשען וועלכע ליידען און שווייגען, זיי שעהמען זיך צו דערצעהלען פון זייער נויט, זיי שווייגען, שטיקען זיך מיט אַ טיפען וועהטאָג אין הארצען און זאָגען קיינעם קיין וואָרט פון דעם.

מיר קענען זיך אָבער פאָרשטעלען וואָס איהר ענטפער וואָלט געווען: „כ'בין געווען אין אברהם'ס רייכע היים, אַ שטאָלצע און אַ גליקליכע מוטער, בין געווען געאַכטעט און רעספעקטירט, געהאַט אַלעם וואָס ס'הארץ גלוסט, און וואָס איז פון מיר איצט געוואָרען, ארויסגעוואָרפענע און א פאַרטריבענע, אַ קרבן פון קנאה און שנאת חנם, אַ פאַרגעסענע און אַ מידע פון לעבען."

און גאָט האָט איהרע אויגען געעפענט און זי האָט דערזעהן אַ קוואַל פון וואַסער אין דעם ברענענדיגען מדבר. גאָט, הייסט עס, האָט איהר ניט פארגעסען — — —

אָט אַזאַ טראַגעדיע זעהן מיר טעגליך אין אונזערע צייטען און ניט אין אַ וויסטען מדבר וואו קיין מענשען זייגען ניטאָ נאָר אין דער ציליוויזירטער וועלט.

צו מיליאָנען מענשען קומט ס'לעבען פאָר ווי אַ שרעקליכער מדבר פול ליידען, הונגער און פיין, וואו אַמאָל האָט זיך געלאָזט מערקען באַקוועמליכקייט און רייכקייט, איז היינט אָרעמקייט און הונגער נויט. אין אונזער אַמעריקא וואָס איז נאָך אַלץ די רייכסטע לאַנד אין דער וועלט, די באַנ-

קען פול מיט גאָלד, שפּייכלערס פול מיט תבואה און מילך ווערט אין טייכען געגאָסען, וואו טויזענטער מענשען פּיה־רען נאָך אלץ אַ לעבען פון וואוילטאָג, ניט געאַכטעט וואָס עס איז אַ צייט פון קריזיס און דעפּרעשאָן (דעפּרעסיע) האָבען מיר דאָ מיליאָנען פון „פאַרגעסענע מענשען”. מענער, פרויען און קינדער וואָס ליידען הונגער און נויט, האָבען קיין שטיקעל ברויט צו שטילען זייער הונגער און קיין דאַך איבער׳ן קאָפּ. דער גאַנצער עקאָנאָמישער געבוי האַלט ביים צוזאַמענברעכען. וואו מען קערט זיך, הערט זיך נאָר אַ גע־פיהל פון אונזיכערהייט און די צוקונפט איז פארשלויערט און פילע פון אונז האָבען איינפאַך פאַרלאָרען דעם געפיהל פון האָפען אויף בעסערע צייטען. אַ גייסט פון אומרוהיג־קייט און אומצופרידענהייט באַהערשט ס׳גאַנצע לעבען, מענ־שען צווייפלען אויב דער לעבען איז ווערטה דעם קאַמפּף, פאַרצווייפעלטע ערוואַרטען פילע דעם טויט אלס ערלייכטע־רונגען פון דעם אומגלייכען קאַמפּף. קיינמאָל האָט נאָך פאַרצווייפלונג ניט געטריבען אַזוי פיעל מענשען צו זעלבסט־מאָרד ווי היינט. וואָלטעטיגע אַנשטאַלטען, געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס האַלטען ביים צופאַלען. ס׳קוקט אויס ווי די גאַנ־צע ביז אַהעריגע ציוויליזאַציע האַלט ביים צוזאַמענברעכען, פאָדערענדיג אַן אומבייט און אומוועלצונג פון די אַלע ביז אַהעריגע באַגריפען אין לעבענס ארט. איבערהויפּט שטעלט זיך דאָ די פראַגע וואָס איז צו טאָן אין דיזע אומשטענדען. הייסט עס אַז מיר דארפען פארלירען האָפנונג און מוטה, פשוט ליגען אין דער מדבר ווי הגר, וויינען, קרעכצען און וואַרטען אויף דעם טויט, הייסט עס דאָס די ענד איז געקו־מען. און די פראַגע איז, ווער איז שולדיג פאַר דעם אלגע־מיינעם צוזאַמענברעכען פון דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג. איז גאָט שולדיג? „השופט כל הארץ לא יעשה משפט?” איז דען גאָט אַזוי באַשעפטיגט אין באַשאַפען און רואינירען וועל־

טען? בונה עולמות ומחריבן, איז ער אזוי פארנומען מיט'ן וועלט־אל, אז אָן אונז פארגעסט ער כלל? זיינען די אַלטע גריכען גערעכט געווען באַהויפּטענדיג דאָס גאָט איז צו גרויס, צו מאַיעסטעטיש ער זאָל זיך ערנידערען צו אונז מענשען פון בלוט און פלייש? איז דען דער אידישער באַגריף פון השגחה פרטית פאַלש? ניין, מענשען פארגעסען, גאָט אָבער פאר־געסט ניט, גאָט איז גענוג אלמעכטיג אָנצוצינדען זונען סיס־טעמען, ער איז אויך גרויס גענוג צו שפייזען הונגעריגע, באַ־קליידען נאַקעטע און באַשיצען הילפלאָזע.

גאָט האָט אָן הגר ניט פארגעסען אין איהר נויט. הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל, ער האָט אַ קוואַל אין דער מדבר געגעבען, איהר קינד אָנטרינקען צו געבען. יומם השמש לא יכבה וירח בלילה, גאָט באַוואַכט אונז אין דער צייט ווען די וועלט איז פאר אונז ווי א שטערענלאָזע פינסטערע נאַכט.

אין דער ערפאַרענהייט פון הגר אין דער מדבר מאָלט דאָ די תורה פאר אונז אַ בילד אין וועלכען ס'שפּיגעלט זיך אָפּ דער אינהאַלט און די דראמא פון מענשליכען לעבען אלס פּילגרימס אויף דער ערד פון געבורט ביז'ן טויט. אַ בילד פון ליכט און שאָטענס, פון הערליכע, רייכע און העלע קאָ־לירען און שווארצע פאַרבען, אַן אינהאַלט פון גליק, פרייד, נצחון, פארצווייפלונג און טרעהרען. אַ דראמא אין וועלכע ס'זעהט זיך די שנעלע אומוועקסלונג פון סצענעס און פּאַסירונגען, חתונות, געבורטען, בר מצוות, פרעהליכע גע־זאַנג און מוזיק און פון קראנקהייטען, טויט, קומער, קברים, הספדים און אל מלא רחמים'ס. מיר שטעהען אויף דעם שוועל פון אַ נייעם יאָהר — היינט איז ראש השנה, און ווען איך שטעה איצט אויפ'ן בימה און קוק אין אייערע געזיכטער, זעה איך אַן אויסדרוק פון עפּעס ליכטיגקייט אָבער נאָר עפּעס. איז אָבער די מדה פון פורעניות גרעסער ווי די מדה פון פריי־

דען, איך שטעל אַן מיין „דורכדרינגונגס ליכט (סוירטש-לייט) און זעה ווייסטע אלמנות, אָפּגעריסען פון זייערע מענער גאָר יונג. כ׳זעה יתומים וועלכע זיינען גרוויזאַם אָבגעריסען גע־וואָרען פון זייערע עלטערען, דאָ און דאָרט זעה איך צובראָכע־נע הערצער, פארצווייפעלטע נשמות...

ברה״ש כל באי עולם עוברין לפניו כבני מרון; מאי כבני מרון? הכא תרגימו כבני אמרנא. ר״ל אמר כמעלות בית חרון, רב יהודה אמר שמואל כחילות של בית דוד, וכולן נסקרין בסקירה אחת, שנאמר היוצר יחד לבם המבין אל כל מעשיהם (ר״ה י״ח) אום רה״ש ווען גאָט זיצט על כסא משפט געהען פאַרביי איהם אַלע מענשען ווי די בני מרון. וואָס הייסט בני מרון? כבני אמרנא, ווי יונגע שעפּסעלאך וועלכע ווערען געצעהלט פאר מעשר אלס קרבן. די שעפּסעלאך ווערען צו־זאמענגעהאַלטען אין שטאַל, אַ שמאַלער אויסגאנג עפענט זיך וואו נאָר איינציגווייס קענען זיי ארויסגעהן. די מאַמעס שטעהען אין דרויסען, די שעפּסעלאך אינוועניג געהן ארויס און שרייען צו זייערע מוטערס, זאָל בעסער איינער פון אונז, מאַ־מע, זיין אַ קרבן אַנשטאָט דיר, וואָרום מיט דיין פארלוסט זיי־נען מיר אַלע פאַרלאָרען. ר׳ לקיש באַגרייפט עס נאָך בעסער: אַלע מענשען געהען איבער אַ שמאָלען בריק, דער וואָס געהט איבער׳ן בריק דאַרף זיין פאָרזיכטיג, סכנת דרכים, און אמאָל מוז איינער אָפּטרעטען דעם וועג פאר׳ן צווייטען אויסצומיי־דען אַ צוזאַמענשטויס, ווען ניט זיינען ביידע פאַרלאָרען. ר׳ יהודה פון שמואל׳ס וועגען זאָגט, דער מענשליכער מאַרש אין זיין לעבענס לויף איז געגליכען צו דעם מאַרש פון סאָל־דאַטען אין אַ מלחמה. אויפ׳ן שלאַכט פעלד איז קיין רחמנות ניטאָ, מוסט זיך, מענש, איבערגעבען צום שיקזאל, די לאַגע איז ניט אין דיין קאָנטראָל, ביזט אַ געצייג אין הענט פון די וועל־כע זיינען העכער פון דיר און שמידען דיין שיקזאל. דו דענקסט אַז דו האָסט ערוואָרבען אַ זיעג איבער דיין שונא, האָסטו אַ

טעות. ווען דו זיגסט ביסטו אַ באַזיגטער, דו האָסט יענעם מנצח געווען פיזיש, האָסט איהם געשטאָכען, געשאָסען, זיין בלוט שרייט צו גאָט פון דער ערד, און די אומזיסטע פאַר־גאָסענע בלוט וועט דיר ניט לאָזען רוהען ביז צום טויט. דו ביזט געוואָרען אַ בעסטיע אין מענשען געשטאַלט, וכולם נסקרים בסקירה אחת, שנאמר היוצר יחד לבם המבין אל כל מעשיהם, גאָט וויים דיינע מחשבות שלעכטס צו טאָהן יע־נעם.

ווי טיעף די אידישע חכמים האָבען באַגריפען די פי־לאָזאָפי פון מענשליכען לעבען פון ליכט און שאָטען, גוטס און שלעכטס, עלטערען און קינדער ליבע, פונקט ווי די „בני אמרנא", ס'איז אָבער נאַטירליך פאַר עלטערען זיך מקריב זיין פאַר קינדער, ס'איז דאָך אייגען פלייש און בלוט, העכער און שעהנער אָבער איז דער באגריף פון קרבנות פאַר יענעם וועלכער איז ניט מיין פלייש און בלוט, ווען כ'טרעט אָפּ דעם וועג דעם צווייטען אום איהם געבען אַ מעגליכקייט אַריבער צו געהן דעם לעבענס בריק בשלום. אויב איך האָב רחמנות אויפ'ן יתום, אלמנה, אָרעמאַן, אויף דעם הילפלאָזען און אונ־טערדריקטען. דאָס טראַגישסטע איז דער באגריף פון לע־בענס קאַמפּף וואו רויב און מאָרד איז דער שלאָג־וואָרט. „כבקרת רועה עדרו מעביר צאנו תחת שבטו", ווי אַ פּאַס־טוך וואָס ציילט זיינע שעפּסטען מיט אַ רוט אזוי ווערען מיר געציילט היינט אום ראש השנה — כמה יעברון וכמה יבראון, מי יחיה ומי ימות, מי ברעב ומי בצמא, מי ינוח ומי ינוע, מי ישפל ומי ירום, ווער איז באַשטימט צולעבען און ווער הו"ש ניט, ווער צו זאַט, ווער צו ערהויבען ווערען און ווער חו"ש פאַרקעהרט, אזוי פילאָזאָפירט זיך דער איד היינט פאַר'ן בורא עולם.

און פונקט ווי דאָס אַלמענשליכע אזוי איז דאָס אידישע פאָלק, אין וועמעס עקזיסטענץ אלס אומה שפיגלען זיך אָפּ

ליכט און שאָטענס, די ליכטיגע זון אין די טיפע פינסטערניש פון דער נאַכט, פון איין זייט אַ פאָלק פון משה רבנו, פון אַ תורה און אַ סיני, ארץ ישראל און נביאים, מלכים, חשמונאים, גייסטיגע ריזען וועלכען האָבען געשאַפען ציוויליזאַציעס, קולטורען און אידייען, פון אַ בענייטען ארץ ישראל, תל אביב און אן אייגענעם נאַציאָנאַלען אוניווערזיטעט. פון דער אַנדערער זייט, רדיפות, אינקוויזיציעס קרייציגע, פּאָגראָמען, שמד, קדוש השם, בלוט און קברים און היטלערס ימח שמם. ניין, גאָט איז ניט שולדיג אין מענשליכע ליידען, די שולד ליגט אין מענשען גופא. דער מענש איז א בעל בחירה, ער איז זיין אייגענער פאַרמיטלער, ער האָט זיין אייגענעם פרייען ווילען, ער איז ניט אונטערוואָרפען די אומשטענדען פון געבורט, אומגעבונג, לעבענס באַדינגונגען א. אז. וו. דער מענש שטעהט העכער פון אַלעס געשאַפענע „ומותר האדם מן הבהמה,” דער מענש האָט אַ קאָפּ צו דענקען, אַ האַרץ צו פיהלען, די אינסטרומענטען וואָלטען אָבער נוצלאָז זיין ווען דער מענש זאָל ניט האָבען די פרייהייט צו דענקען און פיהלען. „שכר ועונש” וואָלט געווען אומפארשטענדליך ווער דער מענש וואָלט זיין פונקט ווי די בהמה, אַ רעזולטאַט פון סבות וועלכע ער קען ניט קאָנטראָלירען.

ראה נתתי לפניך היום את החיים ואת הטוב ואת המות ואת הרע... הברכה והקללה, ובחרת בחיים למען תחיה (דברים ל׳) כ׳האָב דיר שכל און געפיהל געגעבען, דער אויסוואל איז דיינער, גיב דיין פאָרצוג צו דאָס וואָס גיט דיר לעבען, גוטס און ברכה, הכל צפוי והרשות נתונה (אבות ג׳) גאָט איז דער בעל ידיעה, „ד׳ יודע מחשבות, גדול העצה ורב העלילה אשר עיניך פקוחות על כל דרכי בני אדם”, אָבער דער מענש איז אַ בעל בחירה.

די מענשהייט זעלבסט איז שולדיג אין אלע געזועל-

שאַפּטליכע ליידען און טראגעדיעס, אין דעם עקאָנאָמישען און סאָציאלען צוזאמענברוך. און אויב איהר ווילט איז עס פיליכט בעסער, מען זעהט דאָ אַ אצבע אלקים, גאָטס פינגער זעהט זיך איבעראַל און דאָס איז פיליכט פאר'ן וואָל און בעסט פון דער מענשהייט. שטערען שיינען אין דער נאַכט און וואָס טיעפער די פינסטערניש פון דער נאַכט אלץ העלער און ליכטיגער שיינען זיין ארוים. אין די טראָפּישע געגענדען וואו די זונען שטראלען שיינען אַם לענגסטען און אם שטאַרק־סטען איז דער מענש באַרבאַריש. דער „דזשאָנגעל" האָט קיינמאָל געשאַפען גרויסע מענשען, גייסטער, דאָרטען זיי־נען מענשען פויל, גייסטיג, אינטעלעקטועל און קערפּערליך. די מענשהייט איז דאָרט אַ פארפוילטע. ציוויליזאַציע און גייסטער שאַפען זיך נאָר דאָרט וואו די מענשהייט מוז קעמפּפען געגן די בייזע עלעמענטען פון דער נאַטור. נאָר אין יענע פעריאָדען פון גרויסע קריזיסען זיינען אויף גע־שטאַנען גרויסע גייסטער וועלכע האָבען געראַטעוועט דער מענשהייט פון אונטערגעהן.

די מענשהייט ליגט יעצט אַ פערשמאַכטע און א פאר'־חלש'טע, הונגעריג ניט נאָר פאר ברויט, דורשטיג ניט נאָר פאַר וואַסער „לא רעב לחם ולא צמא למים", נאָר פאר א געט־ליכען וואָרט און געדאנק, וועלכער זאָל אָפּפרישען און אויפ־לעבען די מענשליכע נשמה.

אַלע גרויסע היסטאָריקער גיבען צו אז דער פאלען פון דעם אימפּעריאליסטישען רוים איז געווען איהר צו גרוי־סע שפע, רייכטום און לוקסוס וועלכע האָבען איהר געפיהרט צו אויסגעלאסענהייט, און איהרע שטענדיגע מלחמות וועל־כע האָבען אויסגע'הרג'עט איהרע בעסטע זין אויפ'ן שלאַכט־פעלד. דאָס זעלבע וואָלט אויך געווען מיט אונזער אַמעריקא, דער אונגעהויער לוקסוס און רייכטום האָט געפירט צו דעם

אונטערגראָבען פון דער היים און פאַמיליע, אין פילע מיליאָ־
נען אַמעריקאַנער היימען איז ס׳לעבען אונערטרעגליך און
איז דער קעסעל־גרוב צווישען מאַן, פרוי און קינדער. די
איבערגעבענהייט פון דער פרוי צו איהר מאַן, דער פאַטער
פון איהרע קינדער איז געמאָסטען און געוואָגען מיט דער
מאָס און וואָג פון לוקסוס און „גוט־טיימס״ וויפיעל דער
מאַן קען איהר פארשאַפען. צענדליגע טויזענדע פרויען וועל־
כען דארפען פיהלען זייערע שעהנסטע אויסדרוקען פאר דער
היים זיינען פארצערטעלט צו די ביליגע פארגעניגענס, צו
אומאָראלע ערנידערונגען, פארברייגנענדיג זייער פרייע צייט
ביי קאָרטען טישלאך, עסען, טרינקען און רויכערען.

די טאָכטער וואַגט געגען דער מוטער, דער זוהן שטעלט
זיך געגען פאָטער, די געריכט־הייזער זיינען פול מיט גט פראָ־
צעסען, די טורמעס מיט אַלימאָני קלאָבס און דער „עלעקטריק
טשער״ שווינט שוין אפילו פרויען אויך ניט, עלטערען האָ־
בען פארלאָרען דעם קאָנטראָל איבער קינדער און די קינ־
דער וואַקסען אוים מאָראַלישע שוואַכלינגע, אונזער גאַנצער
לעבען איז א קרבן אויף דעם מזבח פון אונזערע קינדער,
אָבער פאר וועמען, פאר וועלכע קינדער? מיט׳ן אָנקומען
פון קריזיס, האָט זיך אונזער גאַנצער אַרט לעבען געענ־
דערט, מיר האָבען זיך אויסגעניכטערט, מיר דיינקען ערנס־
טער און פיהלען טיפער. מיר ווילען דאָ ניט מיספארשטאַ־
נען ווערען, מיר פרעדיגען ניט די טוגענד פון אָרעמקייט,
ווען איך זעה מענשען שטעהען אין „ברויט־לאַין״, אוים־
שטרעקענדיג זייערע הענט פאר אַ שטיקעל ברויט זעה
איך דערין איין ערנידערונג פון דער מענשליכער ווירדע,
אַ ירידה פונ׳ם צלם אלקים. אָרעמקייט האָט קיינמאָל ניט
געשאַפען קיין ציוויליזאַציע, אָבער ביידע עקסטרעמען זיי־
נען ניט גוט, ניט צופיעל רייכקייט אויך ניט צופיעל אָרימ־
קייט, „ריש ועושר אל תתן לי,״ גיב מיר ניט צופיעל אָרעמ־

קייט ווי צופיעל רייכקייט, גאָט האָט מיר באַשאַפען מיט צוויי פיס, צוויי אויגען, דאָס איז אלעס וואָס איך דארף פאר מיין באַקוועמליכקייט, פינף פאָר פיס און צעהן פאָר אויגען וואָלט געווען זעהר אומבאַקוועמליך און פילייכט גאָר אַ טראגעדיע. פופציג מיליאָן דאלאר זענען מיר אזוי נוצלאָז ווי פופציג פאָר פיס, כ׳וויל קיין אָרימאן זיין און בעטלען מיין שטיקעל ברויט, איך וויל אויך קיין מיליאָנער זיין און ליידען פון אומזיכערקייט און אומבאַקוועמליכקייט, און געה איך פארבייי די פינפטע עוועניו און זעה אין די דעפּאַרטמענט סטאָרס אזוי פיעל שעהנע זאַכען, טראַכט איך מיר, אַ גאָט, וויפיעל זאַכען ס׳זיינען עס דאָ איבעריגע און נוצלאָזע פאר מיר. (ספרי, האזינו).

„מה לך הגר” מה לך בית ישראל, מה תשתוחחי ומה תהמי, ווארום זיין אזוי פארצווייפעלט און האָפנונגסלאָז, געהט שוין די וועלט אונטער פאר אונז אידען? האָבען מיר שוין אין גאַנצען פארלאָרען דעם געפיהל פאר אמונה? ווען כ׳בין געשטאַנען ביים ברעג ים דעם 31טען אויגוסט 1932 און בעטראַכט די לקוי חמה האָב איך דאן געפיהלט א קוואָל פון טרייסט אין מיין צובראָכענעם געמיט. די זון האָט געשיינט אין איהר פולער פּראַכט און גלאַנץ. דער הימעל איז געווען וואָלקענלאָז און קלאָהר, די גאַנצע נאַטור איז געווען זעהר שעהן, יום טוב׳דיג געשטימט, לאַנגזאַם האָט זיך די לבנה גענומען קריכען און גנב׳נען איבער די זון, פינסטער, פינסטער... די נאַכט שאָטענס האָבען זיך צושפּאָלטען, די פויגלען פלאַטערען צו זייערע נעסטען, די עופות הויבען אָן פליהען... טאָטאַלע פינסטערניש, און ווערענד די ניינציג סעקונדען פון די עקליפּס האָט זיך פארצווייפלונג פאר׳גנב׳ט אין מיין נשמה און זיך געפרעגט וועט עס ליכטיגער ווערען? און לאנגזאַם האָט זיך די לבנה אָנגעהויבען אָפּרוקען פון דער זון, ליכטיג... ליכטיגער, און

ווייטער ערשיינט די זון אין איהר פולער פראכט און גלאַנץ...

בא חבקוק והעמידה על אחת. חבקוק דער נביא שטעלט ס׳גאַנצע אידישקייט אויף איין מצוה, אויף אמונה, ווען ער האָט געזאָגט: וצדיק באמונתו יחיה, גלויבען און האָפען האָט אונז געגעבען חיות, מי יתן לי אבר כיונה אעופה ואשכונה, למה כיונה, לפי שכל העופות בשעה שהם יגעים הם נחים על גבי הסלע או על גבי האילן, אבל היונה הזו בשעה שהיא פורחת ויגעה קופצת באחד מגפיה ופורחת באחד מגפיה. די טויב איז אנדערש פון די פויגעלדיגע באַ־שעפענישען, אָדער זיי פליהען מיטביידע אָדער מיט איין פלי־געל. אידען זיינען צו אַ טויב געגליכען, ישראל טאָר זיך ניט ערלויבען צו רוהען ווען איין פליגעל איז מיד, פליהט ער מיט׳ן צווייטען. צייטווייליגע קריזיסען טאָרען איהם ניט אָפּשרעקען. ער מוז אימער צו געדענקען און וויסען אַז ד׳ לי לא אירא און אז שובו אלי ואשובה עליכם, און איהר וועט האָבען אַ כתיבה וחתימה טובה, אמן.

---

# דרוש לראש השנה

## ווען דער שופר שאַלט

אמר ר׳ לוי: כל ימות השנה ישראל עסוקין במלאכתן, ובראש השנה הן באין ונוטלין שופרותיהם ותוקעים לפני הקב״ה והוא עומד מכסא הדין לכסא רחמים ומתמלא רחמים עליהם.

(ויקרא רבה).

היינט איז דער יום הדין, גאָט משפט די גאַנצע וועלט. ראש השנה איז אַ טאָג פון תפילות, תחנונים און זכרונות, אַ טאָג ווען יעדער איד בעט פאר בני, חיי ומזוני. דער הייליגסטער און איינדרוקפולסטער טייל פון דער עבודה איז די צערעמאָניע פון בלאָזען שופר. קיינער פון אונז וויל און וועט פארפעלען צו הערען תקיעת שופר. און איצט פאר דיזע הייליגע מינוטען איז די שול געפילט מיט מענער, פרויען און קינדער, און מיט ציטערענדע הערצער שטעהען אלע גרייט צו הערען דעם קול שופר, דער כח פון שופר איז אזוי שטאַרק אז גאָט אפילו, הערענדיג דעם קול שופר זעצט ער זיך איבער פון כסא דין צו כסא רחמים. „תקעו בחדש שופר בכסא ליום חגנו, כי חוק לישראל הוא משפט לאלהי יעקב,״ ס׳איז א חוק ביי ישראל אז ווען דער גאָט פון יעקב זיצט על כסא משפט זאָלט איהר שופר בלאָזען און דאן וועט אייך גאָט מזכה זיין בדין. גאָט זאָגט: זאָגט פאר מיר מלכיות, זכרונות ושופרות און קרוינט מיר פאר אַ מלך וועל איך אייך דער־מאָנען צום גוטען דורכ׳ן שופר. די פראגע איז, אַלזאָ, וואו

ליגט די גבורה פון שופר און מיט וואָס איז זיין כח אזוי גרויס?

ביים מעמד הר סיני האָט דער שופר פארנומען א וויכטיגען פלאץ. אין דער צייט פון מתן תורה, האָט גאָט אָנגע־זאָגט דורך משה'ן צום פאָלק: „וקדשתם היום ומחר וכבסו שמלותם,״ זיי מוזען זיך פאָרברייטען צו מקבל זיין די תורה, מען מוז אריין בלאָזען אין זיי אַ געפיהל פון קדושה, אצילות, העכערע באַגריפען, פראקלאמירענדיג פאר אלע צייט־טען און פעלקער די העכסטע מאָראל. דער שופר שאָל האָט זיי די הכנה צו דעם געגעבען, ער האָט אין זיי ארייגגעבלאָזען אַ נשמה יתרה וועלכע האָט זיי געגעבען דעם מוטה די וואַ־כעדיגקייט צו בייטען פאר הייליקייט. „במשוך היובל המה יעלו בהר,״ נאָר ווען דער שופר וועט בלאָזען זאָלען זיי געהן אויפ'ן בארג, דאן וועלען זיי קריגען אנ'עליה. וקול שופר חזק מאד ויחרד כל העם אשר במחנה, דער שופר האָט זיי ער־מעגליכט צו פארנעמען גאָט'ס שטימע.

יריחו איז געווען א פארשלאָסענע שטאָט, סוגרת ומסוגרת, פול מיט געצען דינער, וועלכע מיטלען האָט מען אָנ־געווענדעט צו באַזיגען די שטאָט וועלכע איז שפעטער גע־וואָרען דער טויער צו ארץ ישראל? אַ לאַנד וועלכע איז פון דער השגחה באַשטימט געוואָרען צו פארשפרייטען ליכט אויף דער גאַנצער וועלט? ניט קיין קאַנאָנען איז זייער אַמוניציע געווען, בלויז שופר געבלאָזען און דאן איז דער מויער פון שטאָט געפאלען. ויריעו תרועה גדולה ותפול החומה תחתיה. דער שופר איז אלזא אַ וואונדערבארער אינסטרומענט, ער מאַכט אַ מהפכה, ער שאַפט אַ נייע בריאה. און אום ראש השנה בעט דער איד: לב טהור ברא לי אלהים ורוח נכון חדש בקרבי, ווייל היינט מאַכט דער איד אַ חשבון הנפש, אַ גאַנ־צען יאָהר איז ער פארנומען מיט יענעמס חשבונות, צו געפי־נען אַ פסול אין יענעמס שאַפען, היינט אָבער קוקט דער איד

אין זיין אייגענער נשמה און געפינט זיינע אייגענע חסרונות. אַ גאַנצען יאָהר איז דער איד געווען איינגעשלאָסען אין זיין אייגענעם איך, אין זיינע אייגענע אינטערעסען, א מחיצה איז געשטאַנען צווישען איהם און די העכערע אינטערעסען פון לעבען. היינט אָבער ווען ער הערט דאָס שאַלען פון שופר פיהלט ער צו געהן העכער דעם בארג, בהר ד׳ יראה, „אשרי העם יודעי תרועה", גליקליך איז דער פאָלק וואָס האָט אן אי־דעע איבער די תרועה פון אמאָל, ביים מעמד הר סיני, ווייל דאן „באור פניך יהלכון", דורך דער שטימע פון שאַלען ווע־רען זיי דערהויבען צו דערזעהן גאָטעס ליכט און די איינ־געשלאָסענע פינסטערניש פאַלט. און פונקט ווי אין יהושע׳ס צייט האָט זיך די זון אין גבעון געמוזט אָפּשטעלען און די לבנה אין עמק אילון, אזוי האָט ראש השנה ניט קיין יום טוב שני של גליות. די צוויי טעג ווערען אפילו אין ארץ ישראל געפייערט, ווייל ס׳איז אַ יומא אריכתא, אַ לענגערע פּער־יאָדע פון ליכט, פון באַנייאונג ווען גאָט אליין בייט אום זיין מהות, פון אַ מלך יושב על כסא דין ווערט ער אַ יושב על כסא רחמים, ווי גלענצענד און ערהאָבען ס׳איז די פונקציע פון שופר צו מאַכען אזאַ רעוואָלוציע אין דעם געטליכען און מענשליכען מהות. דער שופר איז אַ סימבאָל פון אויפוועַ־קען די נשמה וועלכע שלאָפט אַ גאַנצען יאָהר, צו תשובה.

זאָגט רבי עקיבא: אמרו לפני מלכיות כדי שתמליכוני עליכם ובמה בשופר (רה"ש ל"ד) גאָט בעט מיט אַ מענשליכער שפּראך, קרוינט מיר פאר א קעניג איבער אייך, מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיע, און ווייל שלמה איז געקרוינט געוואָרען מיט אַ שופר, בלאָזט אויך פאר מיר שופר, „ויתקעו בשופר ויאמרו כל העם יחי המלך שלמה (עיין חדושי הריטב"א על מאמר ר׳ עקיבא) די פראגע איז בלויז, איז דען דער כביכול אַ הדיוט וואָס הייסט זיך קרוינען אלס מלך? ער איז דאָך ניט נאָר אַ מלך אויף אידען נאָר אויף דער גאנצער וועלט. „כל

באי עולם יעברון לפניך כבני מרון," אלעם וואָס מיר דארפען איז בלויז צו אָנערקענען זיין ממשלה דורך מצוות און מעשים טובים . אָבער ווי ווייט דער גרויסער גייסט ר' עקיבא האָט פאַרשטאַנען דעם אונטערשיעד צווישען די אידען און אומות העולם. ס'איז א גרויסער אונטערשיעד צווישען „מלך" און „מושל". דער לעצטער מיינט ארויפגעצוואונגענער, ער רע־גירט אָהן רחמנות „והוא ימשל בך", ער איז אָנגעשטעלט פון א העכערער מאַכט. „מלך" אָבער איז אַ העכערער באַגריף, ער איז אַ נבחר העם, ער רעגירט מיט'ן כח פון פאָלק, „מלך שמחל על כבודו אין כבודו מחול", אַ מלך טאָר ניט מוחל זיין אויף זיין פערזענליכען כבוד, ווייל דער כבוד געהערט צום פאָלק, ס'איז ניט זיינער, ער גיט באַפעלען, ער קען האַנדלען מיט חסד און רחמנות „כי לד' המלוכה ומושל בגוים" (תהלים כ"ד) גאָט ווען מען די מלוכה געהערט איז ד', ער קען האַנדלען מיט דער מדה פון רחמים, מיט אידען האַנדעלט ער אלס מלך, אָבער מיט גוים—אלס מושל, און זינדיגט אפילו דער איד, בלייבט ער אָלץ אַ איד, „ישראל אע"פ שחטא ישראל הוא", וואָ־רום וואָלט גאָט זיך בעגאַנגען מיט אידען ווי אַ מושל וואָלטען אידען ניט קענען עקזיסטירען כלל, אָבער מיט די אומות ווען זיי זינדיגען באַגייט ער זיך מיט זיי ווי אַ מושל, און דאָס באַשטע־טיגט די היסטאָריע פון מצרים, אשור, בבל, רוים, יון און שפּאַניען.

די אומות העולם האָבען ניט געוואָלט אָננעמען אַזאַ תורה. זיי וואָלטען קיינמאָל ניט געקענט איהר מקים זיין. ס'וואָלט זיי ווי אַ יאָך ארויף געצוואונגען געוואָרען פון אַ מושל. די אידען אָבער האָבען אָנגענומען די תורה, זיי האָבען געזאָגט: „כל אשר דבר ד' נעשה ונשמע", ווייל דער געבער פון דער תורה איז אַ מלך, „תורה — תחלתה גמילות חסד וסופה גמילות חסד." דער שופר דערמאָנט אונז אָן דעם שופר פון קבלת התורה ווע־מעם שטימע עס הערט ניט אויף. די תורה גיט דעם אידען

גייסטיגע שפייז וועלכע האַלט איהם אָן ביים לעבען, אפילו אָהן אַ פיזישען אָדער מאַטעריאַלען באָדען אונטער זיינער פיס.

אַלע פעלקער האָבען גשמיות און רוחניות, זייער לאנד, רעגירונג, עקאָנאָמישער מצב קומט צום ערשטען, נאָכהער קומט דער גייסטיגער מצב. אידען האָבען אָבער באַקומען אַ תורה פון דער מדבר, מיט זיי האָט מען געלערענט מסחר וקנין, דינים פון שמיטה און יובלות וקרקעות אין אַ מדבר אָהן אַ באָדען אונטער זייערע פיס. דער גייסטיגער מצב קומט פריי־הער, נאָכהער דער קערפּערליכער „נמשלה ישראל ליונה, מה יונה כשהיא מתיגעת היא עפה בכנף אחת, כך הם ישראל" (ב"ר, לך). אַלע אנדערע פעלקער מוזען האָבעןביידע פליגלען, גשמיות און רוחניות, נעהמט אַוועק די גשמיות און זיי קענען מעהר ניט פליהען. די היסטאָריע באַשטעטיגט עס. דער איד אָבער פליהט הויך, האַלט אָן זיין עקזיסטענץ אפילו מיט איין פליגעל, ער שוועבט מיט זיין גייסט, זיין לעבענס עלעקסיר געפינט ער אין דער תורה וועלכע גיט איהם מוט און האָפנונג און לאָזט איהם ניט פאַלען.

„בשעת נתינת התורה, זאָגען אידישע חכמים, קרא הקב"ה למלאך המות, אמר לו: על כל האומות אני משליטך ולא על אומה זאת" (ילקוט, יתרו). פעלקער און קעניגרייכען הויבען זיך און פאַלען, דער איד אָבער איז אייביג. אָט דער אַמאָליגער קול שופר פון דער תורה האַלט אונז ביים לעבען. אמרו לפני מלכיות שתמליכוני עליכם ובמה — מיט'ן שופר, וועל איך עס רעכענען ווי איהר קרוינט מיר איצט אלס מלך, „כחדשה ולא כישנה שעברה."

עלה אלקים בתרועה, דורך דער תרועה ווערט דער כביכול אלקים, דערהויבען פון דער מדרגה דין צו דער מדרגה פון רחמים, ויגבה ד' צבאות במשפט. ראש השנה ווען ה' צבאות זיצט ביים משפט ווערט ער, דער כביכול דערהויבען און

געהיילט דורך צדקה, והאל הקדוש נקדש בצדקה, די מדה פון רחמנות.

און הגם די שטימע פון יענעם שופר איז אַ „קול גדול ולא יסף", ס'הערט קיינמאָל ניט אויף, אָבער אין אַנ'אַנדער צייט פון יאָהר דרינגט ער ניט אריין אין אונזערע הערצער ווי איצט ביי תקיעת שופר וואָס גיט אונז מוט און פרישע כחות זיך אָנצוהאַלטען פעסט אָן דעם עץ חיים, אָן דעם בוים פון אייביגען לעבען.

„כל ימות השנה ישראל עסוקין במלאכתן," אַ גאַנצען יאָהר איז דער איד פאַריאָגט, ער האָט צו קעמפּפען אלס איד און אלס מענש, הגם ער טראָגט אין זיין הארצען דעם שופר יעדען טאָג פון יאָהר, זיין געוויסען פלאָגט איהם פאַר'ן פאַרנאַכלעסיגען זיינע פליכטען צו אידישקייט, זיין נשמה איז איהם מתרה, „נשמתו של אדם מעידה בו," דאָך דערהערט ער ניט די שאַלענדע שטימע פון זיין שופר אזוי הויך און אריינדרינגענד ווי יעצט ווען זיין נשמה ערוואַכט, ווען ער איז אָבגעריסען פון אל-טעגליכען און וואָכעדיגען לעבען און קוקט אריין טיעף אין זיין אייגענע אידישע נשמה.

בראש השנה הם באים ונוטלים שופרותיהם ותוקעים לפני הקב"ה, און די שופר שטימע איז ניט קיין אויסערליכע צערעמאָני, נאָר אַן אינערליכע, אַ גייסטיגע, וועלכע ריהרט אָן די נשמה און עפענט די האַרץ.

דער דין פון שופר איז, אם ניקב כשר, ניקב וסתמו שלא במינו פסול. אויב דער שופר איז געלעכערט איז ער כשר, אָבער אויב די לעכער ווערען פארשטאָפּט מיט אַ פרעמדען מאַטעריאַל, ניט קיין שופר'דיגס, איז ער פסול. איידער מיר הערען דעם קול שופר דארפען מיר אריינקוקען אין אונזערע הערצער אויב זיי זיינען ניט געלעכערט, „תמים תהיה עם ד' אלקיך," אמת אַ געלעכערטער שופר איז אויך כשר, מען קען ניט פּסל'נען אַ אידען אפילו ווען זיין אידישקייט איז ניט פּערפעקט,

אָבער ער איז לכל הדעות פסול ווען ער ברענגט אריין אַ פרעמ־
דען מאַטעריאל אין זיין אידישקייט. די שטימע פון זיין אי־
נערליכען שופר איז דאן אונהאַרמאָניש, ס׳גרילצט, ס׳קלינגט
פרעמד. ביי יענעם מעמד האָסטו געהערט: לא יהיה לך אלקים
אחרים על פני, קיין פרעמדע געטער, קיין פרעמדע שטראָמען.
אַ גאַנצען יאָהר איז דיין אידישקייט געווען געלעכערט, היינט
מוז זי זיין גאנץ, דיינע לעכער פון א גאנץ יאָהר מוזען ערגענצט
און געהיילט ווערען פון דיין אייביג פרישען קוואל, וועמעס
וואַסערען ס׳טריקענען קיין מאָל ניט אוים, און אין דעם ליגט
דער יסוד פון דיין אייביגקייט.

---

# דרוש לכל נדרי

## גבורה

"ענו שדרך מישך ועבד נגו ואמרין למלכא נבוכדנאצר, לא חשחין אנחנא על דנא פתגם להתבותך, הן איתי אלהנא די אנחנא פלחין יכיל לשיזבותנא מן אתון נורא יקדתא ומן ידך מלכא ישיזיב והן לא ידיע ליהוי לך מלכא די לאלהיך לא איתנא פלחין ולצלם דהבא די הקמת לא נסגד".
(דניאל ג').

אין די מקומות ביים נאָרד פּאָל וואו זעקס מאָנאַטען איז נאַכט, ווערט דערצעהלט, אז ערב דעם טאָג ווען די זון דאַרף אויפגעהן נאָך אזא לאַנגער זעקס חדשים'דיגע נאַכט, שטעלען זיך שלוחים אוים אויף די העכסטע פונקטען פון דער לאַנד־שאַפט, און ווען ס'הויבען זיך אָן באַווייזען די ערשטע זונען שטראַלען, איידער די לאַנגע נאַכט סימפּטאָמען פאַרשווינדען, שרייען זיי אוים מיט טריאומפף „די ליכטיגע זון, די ליכטיגע זון!"

אָנפאַנגענדיג מיט דעם במוצאי מנוחה, מיט'ן מאָרגען פון די ערשטע סליחות, שטעהן גאָט'ס שלוחים, די בני אברהם יצחק און יעקב אויף זייערע פּאָסטענס און וואַרטען אויף דעם זון אויפגאַנג. יעדער איד וואו ער זאָל זיך ניט געפינען אויף דעם ערד קוגעל, אין לענדער פון ליכט און פרייהייט, אָדער לענדער פון פינסטערניש און פאַרפאָלגונגען ווערט געצויגען ווי דורך אַ מאַגנעטישע קראַפט צו זיין גאָט און מקום קדוש, צו דער שוהל, וואָס איז דער פעסטונג פאַר'ן אידישען גייסט שוין טויזענדער יאָהרען. און פון דיזע העכסטע נשמה פונק־

טען שרייט ישראל סבא אוים: זעה דאָס אויפגאַנג פון דער ליכטיגער זון! דער מיליאָנען מאַרש איז ניט אַ סאָלדאַטען פּאַראַד, בעוואפענט צו בלוט פארגיסונגען נאָר אַ גייסטער פּאַראַד וואו נשמות פלאַקערען מיט גאָט'ס ליכט, בנר ד', באַוואַפענט מיט קלאַפּענדע הערצער געגרייט אויסצוגיסען אין געבעט פאר'ן בורא עולם — ישראל'ס גאָט — לשפוך שיחו לפני ד'.

דער סליחות סעזאָן דערגרייכט דעם העכסטען שהענס־טען אויסדרוק אין דער כל נדרי נאַכט. ווי שעהן, ערהאַבענד איז די פּאנאראַמע, קוקענדיג אויף אייך אַרונטער פון דער בימה אין דער הייליגער נאַכט שטילקייט אין דעם מקום קדוש, וועל־כער איז פול פון ברעג צו ברעג, מענער, פרויען און קינדער, ווער אין טליתים און ווער אין ווייסע קליידער, יום טוב'דיג, דאָך ערנסט געשטימט. ווי הייליג די סצענע, ווי גייסטיג די אומגעבונג — הס כל בשר מפני ד', כי נעור ממעון קדשו. אלע קערפערליכעם ווערט אַנטשוויגען פאר די געטליכקייט וועל־כע ערוואכט אין דעם הייליגטום. אלץ איז שטיל ווייל היינט רעדט דער קול דממה דקה, די שטילע זאַנפטע שטימע פון גע־וויסען. יאָהרהונדערטע האָבען אינהאַלט געשאַפען, מאַר־טירער על קדוש השם, פערפייניגטע נשמות פון דעם אומ־שטערבליכען גלויבען האָבען בערייכערט די „כל נדרי" נאַכט און דעם יום כפור טאָג.

יום כפור איז פייערליך און ערנסט, אָבער ניט אַ טאָג פון טרויער. די טיעף ריהרענדע מאָטיווען פון כל נדרי מע־לאָדיע זיינען אַ לירישע פרעלודע צו דער הערליכער פינאַלע: „ויאמר ד' סלחתי כדבריך!" יום כפור איז אַ טאָג פון גבורה, אין וועלכע גאָט ווערט געקרוינט מיט גבורה „אל נאזר בגבורה". קיין אומה ולשון איז ניט אימשטאַנד געווען צו שאַ־פען און אויספאָרמירען אַ כל נדרי נאַכט און אַזאַ העלדישען יום כפור טאָג וועלכע זיינען אזוי רייך אין מאָראַלע און גייס־טיגע מעגליכקייטען. און אויב לויט'ן תלמוד איז צעהן מאָס

גבורה אַרונטער צו דער ערד, עשרה קבים גבורה ירדו לעולם, האָבען מיר אידען ניין צענטעל גענומען פון דעם. וואָס איז אָבער גבורה, און וואו דריקט זיך העלדישקייט אוים אַם שעהנסטען. ס'לעבען אליין איז אַ שטיק גבורה און פול מיט העלדישע מעגליכקייטען. מוטערשאַפט איז העלדיש, אַ פּאַ־טער וואָס מוז באַשיצען זיין פאַמיליע מוז דורכפיהרען אַ גע־וואַגטען און העלדישען קאַמפּ געגען אלעם וואָס שטעהט איהם אין וועג.

אין אַלגעמיין איז יעדער מענש א גבור. ער איז ניט קיין קרבן פון אומשטענדען, ער שאַפט און געוועלטיגט איבער זיי. און גאָט'ס ברכה צום מענשען לויטעט: „פילט אָן די ערד און הערשט איבער די ים פיש, הימעל־פויגעל, חיות און בהמות און איבער אלעם וואָס שווערעמט אויף דער ערד" (בראשית א', כ"ח). ומוראכם וחתכם על כל חית השדה (נח ט'). דער מענש איז אַ שותף צו דער מעשה בראשית. ער צווינגט די נאַטור כחות צו טאָן זיין באַגער, אין וועלכען געביט אָבער דריקט זיך אוים די מענשליכע גבורה אַם בעסטען?

געוויינטליך מעסטען מיר גבורה מיט דער מאָס פון קערפּערליכע קראַפט און פיזישע מאַכט. אַ העלד איז דער, וואָס צייכענט זיך אוים אויפ'ן שלאַכט פעלד. געוועזן אַמאָהל אַ צייט ביי אידען, וואָס אַזאַ מאַן ווי שאול איז ערוועהלט גע־וואָרען אלס קעניג בלויז דערפאַר, ווייל „משכמו ומעלה גבוה מכל העם", שמשון איז געוועזן אַ „גבור" ווייל ער האָט אַ לייב צוריסען. און עד היום פארגעטערען מענשען אַזאַ העלדענ־טאָט. מיליאָנען דאָלארען ווערען נאָך עד היום פארוועגדעט פאַר אַטלעטישע איבונגען, נאָר שאול האָט ניט געהאַט גענוג ווילענסקראַפט אָנצוהאַלטען די מלוכה. שמשון איז ניט גע־ווען שטאַרק גענוג בייצושטעהן די פארפירונגען פון אַ דלילה. מאַרק אַנטאָני, דער רוימישער העלד איז געפאַלען א קרבן צוליב זיין שוואַכקייט צו דער שעהנער פארפיהרערשער קלע־

אַפּאַטראַ און נאַפּאָלעאָן האָט זיין לעבען פאַרענדיגט אויף סט. העלענאַ. די ציוויליזאַציע האָט זיך ניט געשאַפען פון מלחמות און פאַרניכטונגען, נאָר דורך בויען און שאַפען. אין דער לאַבאַראַטאָרי פון אַ פּאַסטעאור און אַ מעטשניקאָף וואָס זוכען מיטלען ווי צו ראַטעווען מענשליכע לעבענס, דאָרט ענטוויקעלט זיך ציוויליזאַציע.

העלדישקייט אין רייכטום, אין מאַכען געלט?!

דעם גרעסטען רעספּעקט האָב איך פאַר אַ מענשען וואָס איז באַגאַבט פון דער נאַטור מיט אַ גרויסער מאָס פון ווילענסקראַפט, ענערגיע און ענטשלאָסענהייט צו שאַפען און צו פּראָדוצירען אום זיך צו ערווערבען אַ גרויסען פאַרמעגען. ס'איז העלדיש, אָבער די העלדישקייט דריקט זיך ניט אויס אין דעם וואָג פון זיין גאָלד, אין די גרויסקייט פון זיין פאַרמעגען, נאָר אין זיין פּערזענליכער ווירדע און כאַראַקטער און אין די נוצען וואָס ער מאַכט פון דאָס געלד. געלד איז אפשר א הייליגטום און אַ גוטע זאַך צו האָבען, נאָר דאַן אָבער, ווען ס'איז ערווארבען געוואָרען דורך יושר, און נוצליך אָנגעווענדעט, ווען ניט איז עס אַ גרויסע מאַסע אויפ'ן געוויסען. ס'מאַכט קיין אונטערשיעד פון וואָס די קייט איז געמאַכט, פון גאָלד צו פון אייזען, פון זיידענס אָדער שטריק, דער געפאַנגענער איז געפענטעט און פאַרשקלאַפט אלץ דאָס זעלבע.

די געשיכטע וויים צו דערצעהלען וועגען אַ מאַן וואָס איז געשטאַנען נעבען אַ טייך וואו אַ אָדלער איז זעהר הויך געפלויגען איבער'ן וואסער, פּלוצלונג האָט זיך דער אָדלער אַרונטערגעלאָזען צום וואסער און געפאַנגען אַ פיש צוויי פוס לאַנג. די פליגלען האָבען זיך געהויבען, די פעדערען האָבען געשפּריצט, אַ געראַנגעל איז ענשטאַנען, און ווען דער אָדלער האָט זיך אַ טויזענד פוס אויפגעהויבען אין דער לופטען מיטשלעפענדיג זיין רויב, האָט ער אָנגעהויבען לאַנגזאַם זיך אַרונטערלאָזען, מיט די לעצטע כחות האָט ער פּרובירט

זיך פריי צו מאַכען פון דעם לאַסט, די קלויען האָבען זיך אָבער צו טיף איינגענאָגעלט זיך אין דעם פיש׳ קערפּער, אזוי, אַז ס׳איז אומעגליך געווען זיך ארוים צו פּלאָנטערען. דער אָדלער איז געוואָרען ערשעפּט און דערטרונקען געוואָרען מיט זיין קרבן. איז עס ניט אַ בילד פון פילע מענשען וועמען דער שווע־רער גאָלד לאַסט שלעפּט אַלץ טיפער צום תהום פון פערזענלי־כע געזונקענהייט.

העלדישקייט פון געדאנק? דער מענש שטעהט אויף אַ העכערע מדרגה פון אַ חיה — מיט זיין דענקונגס קראַפט. מעסטען אַ מענשען דארף מען ניט לויט די פעטקייט פון זיין באַנק בוך אָדער שאַרפקייט פון זיין שווערד, נאָר לויט די גרויסקייט פון זיין מח. משה און ישעיהו, דוד און עמוס, שעקספּיר און געטהע, פּלאַטאָ און אריסטאָטעל, האָבען נאָך עד היום אַ מעכטיגען איינפלוס איבער׳ן מענשליכען געדאנק און זיין ווילען. „וויסען הייסט מאַכט" זאָגט אַ שפּריך וואָרט, און יודענטום אַנערקענט וויסען מעהר ווי אַלע פעלקער. „כי אתה הדעת מאסת וימאסך ד׳, שרייט הושע. „וידעת היום והשבות אל לבבך", זאָגט די תורה. וואָס מעהר וויסען אַלץ טיפער איז דער געטליכער באַגריף. „אתה חונן לאדם דעת", זאָגט אַ איד דריי מאָל אַ טאָג, „דעת אלקים" מיינט רעליגיאָן אין העברעאיש. יודענטום פאַרהאַסט עם הארצות: אין בור ירא חטא ולא עם הארץ חסיד, גדולה דעה שנתנה בין שתי אותיות, שנאמר כי אל דעות ד׳, זאָגט דער תלמוד. די פּען איז מעכ־טיגער פון שווערד, מעהר ווי דער שווערד האָט דער מענשלי־כער געדאנק אין זיין פּען פאַרגאָסען מענשען בלוט און פאַר־שפּרייט פאַלשקייט און בלבולים פון וועלכע אידען פאַלען אלס קרבנות. דער נייער טעסטאַמענט האָט ׳פּאַראייביגט ליגענס, האָט דעמאראליזירט אַ גרויסען טייל פון מענשליכען געוויסען מיט פאַלעמיקס און בלבולים, וועלכע זיינען היסטאָריש באַווי־זען געוואָרען אלס געמיינע שקרים. דער גרויסער שעקספּיר

איז פון האמלעט געפאלען צו דער נידריגקייט פון זיין שקר אין דער טראגעדיע „קויפמאן פון ווענעדיג”. און ווער ווייסט בא־הויפטען אַז דיקענס און מארלא זיינען העלדען פון געדאנק, אין דייטשלאנד, די לאנד פון פילאָזאָפען און פּאָעטען האָט געשאַ־פען אַזאַ מאוס׳ן מאַניאַק ווי היטלער ימח שמו און לאָזט זיך פון איהם רעגירען?!

ערליכע איבערצייגונגען דאָס איז דער רעזולטאַט פון העלדישקייט.

נבוכדנאצר, בבל׳ס קעניג האָט א גרויסען נצחון געהאַט איבער זיינע שונאים, לאָזט ער אַ אָפּגאָט אויפשטעלען אין צענטער פון שטאָט, און אין דער גרויסער פאָלקס דעמאָנסטרא־ציע בעטייליגען זיך אלע נאָטאַבעלען פון שטאָט און קעניגרייך, אַלע אויסגעפּוצט אין זייערע מונדירען, די סצענע איז פייער־ליך, ס׳פאָלק יובעלט, דער קעניג באַפעלט ביים קלאַנג פון דער סימפאָני און ארקעסטער זאָלען אלע זיך קניהען פאר׳ן גאָלדע־נעם צלם, און ווער ס׳וועט ניט פאָלגען דעם קעניגליכען באַ־פעל זאָל ארייגעוואָרפען ווערען אין קאַלך אויווען. און דאָך שטעהען חנניא, משאל און עזריא און ריהרען זיך פון אָרט ניט, גיבען אפילו קיין שאָקעל מיט׳ן קאָפּ ניט. דער באַרג סיני שטעהט זיי פאר די אויגען פון וועלכען ס׳איז געהערט געוואָרען אמאָל: „לא תעשה לך פסל”, דער קעניג וויטהענד באַפעהלט די דריי אין קאַלך אויוען אריינצואווארפען. אַנדע־רע שוואכע כאַראַקטערע וואָלטען זיך אזוי העלדיש ניט גע־קענט האַלטען און וואָלטען געוויים זיך אונטערגעגעבען, ניט אָבער חנניא מישאל און עזריא, ירושלים׳ער קינדער, זיי שרע־קען זיך ניט אַפילו פאר׳ן קאלך אויוען.

אָט דאָס הייסט אַ מאָראַלישע קראַפט וועלכע פליסט פון ריינע פרינציפּען, און אין זייער שטימע הערט זיך דער קול ענות גבורה פון אלע גרויסע גייסטער פון אלע צייטען, „קול גדול ולא יסף”, מיר שרייען אוים אָהן אויפהער, מיר׳ן ניט די־

נען אייערע געטער, און דאָס האָט געהערט המן אין פּערסיען, קאַליגולא און אדרינוס אין רוים, די קרייציגע אין מיטעלאַל־טער, טארקוואמאדא אין שפּאַניען, כמעלניצקי אין פּוילען און היטלער אין דייטשלאנד. און ווען די דריי שטאָלצע יונגע אי־דען זיינען אין קאַלך אויוון אריינגעוואָרפען געוואָרען, האָט זיי דער פייער ניט אָנגערירט. איז עס ניט אַנ׳אָפּשפּיגלונג פון גבורה פון׳ם אידישען גייסט. האָט משה דען ניט געזעהן במראות הנבואה גאָט׳ס ענטפּלעקונג אין׳ם ברענענדיגען דאָרן „וירא והנה הסנה בוער באש והסנה איננו אוכל”, און ישעיהו הנביא פארזיכערט: „כל כלי יוצר עליך לא יצלח, כי תעבר במים אתך אני ובמו אש ולא תכוה”, און איך סימפּאַטיזיר ניט מיט די מאַראַנען, שפּאַניע׳ס אנוסים וועלכען זיינען קריסטען געוואָרען אום זיך צו ראַטעווען פון דער אינקוויזיציע, און טיעף אין די קעלערען האָבען זיי געשריען: כל נדרי ואסרי ושבועי... בטלין ומבוטלין...

אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע דערצעהלט זיך אַ לע־גענדע. פּראָמעטעאוס האָט זיך פארזינדיגט ביים גאָט צעאוס ווייל ער האָט גע׳גנב׳ט פייער פון הימעל און געבראַכט צו מענשען אויף דער ערד, ער האָט זיי ליכט געגעבען, ער האָט אין זייערע הערצער אריינגעפלאָסען האָפנונג, ער האָט זיי ציוויליזירט, דערפאר האָט מען איהם ארונטערגעשליידערט פון הימעל, געקייטעלט זיינע הענט און פיס מיט די שטיינער פון די בערג, און רויב פויגלען האָבען פון איהם שטיקער געריסען. די נימפען, זעהענדיג זיינע ליידען ראַטען איהם, ער זאָל בעטען מחילה ביים הויפּט גאָט, אָבער ער האָט רוהיג געענטפערט: בעסער קערפּערליך ליידען איידער זיין גייסטיג אונטערוואַר־פען צו צעאוס, דער גאָט וואָס האַסט ליכט.

מיר אידען האָבען הימעלשע ליכט געבראַכט דער וועלט און דערפאר וואַרפען אונז די נבוכדנאצר׳ס אין די קאַלך אוי־וועגס, און די געטער פון די פינסטערניש ווילען קייטען אונ־

זערע גייסטער, און העלדיש און מוטיג קעמפפען מיר ביז עס וועט קומען יענע צייט ווען שווערדען וועלען אקער אייזען ווע־רען און גאָט אליין וועט הערשען איבער דער וועלט.

בית יעקב לכו ונלכה באור ד׳, היינט אין דעם העלדי־שען טאָג פון יאָהר, לאָמיר געהן אין גאָט׳ס ליכט, לאָמיר ווײַ־זען גבורה פאר קיום האומה, און פונקט ווי יונה הנביא לאָמיר ענטפערען „עברי אנכי״, כ׳בין אַ שטאָלצער איד און דין דעם גאָט פון ישראל.

ווען היינריך היינע האָט באַזוכט עגיפּטען און געזעהן די פּיראַמידען וועלכע די אַמאָליגע פּרעה׳ס האָבען געבויט, איז ער היינגעריסען געוואָרען מיט ענטוזיאַזם צום אַלטען קולטור פאָלק וועלכע האָט געקענט שאַפען אַזעלכע ריזיגע מאָנומענ־טען. נידערגעשלאָגען איז ער געוואָרען ווען ער האָט אין ארץ ישראל די חורבות און קברים דערזעהן. צום צווייטען מאָל באַזוכענדיג יענע ערטער, האָט ער ביים כתל מערבי אויסגע־שריען: עגיפּטען מיט דיינע פּיראַמידען ביזט טויט, לעבסט אין דער פאַרגאַנגענהייט, מעהר ווי באַלזאַמירטע מומיעס איז פון דיר ניט געבליבען אָבער די „טרערען וואַנט״ דערצעהלט גע־שיכטען פון אַנ׳אַלטען פאָלק וואָס לעבט און האָפט, אַלט און אימערצו יונג.

היינט איז יום כפור, אַ טאָג פון חשבון הנפש, סליחה וכפרה. אידישע חכמים שטעלען פאָר אַ בילד פון אַ מענשען וואָס זוכט כפרה, וואָס פרעגט ער — זאָל טאָן אַ מענש אום זיין זינד אָפּצושאַפען? „חטאים תרדף רעה״; נבואה זאָגט: „נפש החוטאת תמות״; גאָט זאָגט: „יעשה תשובה״; די תורה זאָגט אָבער: „יביא קרבן ויתכפר״. אין דעם בית המקדש האָט זיך געפונען די מנורה, דער סימבאָל פון ליכט, דער לחם הפנים און אויך דער מזבח, דער סימבאל פון קרבנות, אום אָנצוהאַל־טען אידישקייט ביים לעבן מוזען מיר ברייגען קרבנות. (אַפּיעל פאר שוהל אָדער תלמוד תורה).

# דרוש ליום כפור

## איכה — וואו ביזטו?

וישמעו את קול ד׳ אלקים מתהלך בגן לרוח היום ויתחבאו האדם ואשתו מפני ד׳ אלהים בתוך עץ הגן, ויקרא ד׳ אלקים אל האדם, ויאמר לו: איכה? ויאמר את קולך שמעתי בגן ואירא כי עירום אנכי ואחבא.
(בראשית ג׳ ח—ט).

וישמעו את קול ד׳ אלקים מתהלך בגן — שמעו קולם של אילנות אומרים הא גנבא דגנב דעתיה דברייו, שמעו קולן של מלאכים אומרים: „מת הלך" מת!
(מדרש רבא בראשית י"ט).

מען קען, הייסט עס, פון גאָט זיך ניט באַהאַלטען, און פונקט ווי פליהענדע פויגלען קענען ניט אויסמיידען די לופט, אזוי קענען מיר ניט אויסמיידען גאָט אין אונזער געוויסען. אלע אונזערע באַוועגונגען ווי פארהיילען זיי זאָלען ניט זיין פון מענשענס אויג, זיינען זיי אָפען פאר די „עין רואה", פאַר דער אַלזעהענדיגער אויג, פונקט ווי די באַוועגונג פון די וואָלקענס שפּיגלען זיך אין די קלאָהרע וואַסערען איבער וועלכע זיי שוועבען, און די וואַכעדיגע אויג איז אימער צו וואך, און דער פארברעכער פיהלט אויף זיך תמיד די וואכזאַמע אויג פון זיין געוויסען וועלכע איז דאָס געטליכע טייל אין איהם, און הערט די אַלטע פראגע „איכה" און די געטליכע שטימע וועקט אימערצו „איכה" וואו ביזטו? מיין געבאָט האָסטו אויסגעלאַזען, מיין שטימע האָסטו ניט אויסגעהערט, נאָר די שטימע פון שלאנג אין זיך, דו שעהמסט זיך, דו באַ-

האַלסט זיך, אָבער כ׳האָב דיר געפונען, און דו וועסט מיר אויסמיידען ווייל איך וועל דיר ניט איגנאָרירען, און הערען מיר די און עהנליכע געטליכע שטימען פיהלען מיר זיך אומבאַ־קוועם. אויך יונה הנביא איז אַנטלאָפען פון גאָט, אַנשטאָט צו געהן צו ננוה, איהר פארקונדיגען איהר זינד און שטראָף, דינגט ער אַ שיף נאָך תרשיש, אָבער באלד האָט ער זיין טעות אויסגעפונען דורך דעם גרויסען שטורם אויסברוך וועלכע האָט געוואָלט זיין שיף דערטרינקען, געדראָעט פון שיפברוך האָט ער איצט גאָט׳ס שטימע דערהערט: איכה? דאָ איז ניט דיין אָרט, דו דאַרפסט זיין אין אַנאַנדער אָרט אויסצופילען גאָטס צווי.

די זעלבע געטליכע שטימע פארנעמט אחאב, דער אי־דישער מלך, הערענדיג אליהו׳ס דונערדיגע שטימע: הרצחת וגם ירשת, נבות׳ן האָסטו ערמאָרדעט און ווילסטו איהם נאָך אויך ירש׳נען? און ווען אחאב דערזעהט אליהו, שרייט ער צו איהם: „המצאתני אויבי?” האָסטו מיר געפונען? אויך אחאב האָט געדענקט אַז מען קען זיך פון גאָט אויסבאַהאַל־טען, אויך דוד דער נעים זמירות ישראל וועלכער זאָגט אזוי פיליזאָפיש זים: ד׳ חקרתני ותדע... אתה ידעת שבתי וקומי בנת לרעי מרחוק, אנה אלך מרוחך ואנה מפניך אברח, אם אסק שמים שם אתה ואציעה שאול הנך, אשא כנפי שחר אשכנה באחרית ים, גם שם ידך תנחני ותאחזני ימינך, (תהלים קל״ט). אויך דוד האָט געפיהלט אַז מען קען זיך ניט אויסבעהאַלטען פון גאָט. געקרוינטע קעפּ, רייכע פּאַלאַצען איינוואוינער, פיה־לען אויך די געטליכע שטימע רופענדיג „מדוע בזית את דבר ד׳, אתה עשית בסתר — געמיינט האָסטו אז מען זעהט דיר ניט, ואני אעשה את הדבר הזה נגד כל ישראל ונגד השמש, (שמואל ב׳ י״ב).

די שאלה „איכה” הערט ניט אויף צו פייניגען דעם מענש־ליכען געוויסען זייט ששת ימי בראשית, אדם, חוה די יצירי כפּיו של הקב״ה בעהאַלטען זיך פון גאָט, ווייל זיי האָבען גע־

זינדיגט, געפּאַלגט די פאַרפירערנדע שלאַנגען שטימע, וועמעס ליפּען ס'טריפן זיסען סם, ער שיינקט זיי עפּעל און נעמט דערפאַר צו פון זיי דעם גן עדן, זיי פיהלען זיך שולדיג און בע־האַלטען זיך און הערען גאָט'ס שטימע איכה?

גאָט דער יודע הכל האָט געוואוסט וואו זיי זיינען, נאָר ער האָט געוואָלט מיט דער פראַגע אַרויסברייינגען זייער ודוי, פאַר'ן זינד האָט אדם ניט קיין מורא פאַר גאָט, איצט אָבער ענטפערט ער: „את קולך שמעתי בגן ואירא כי ערום אנכי ואחבא", כ'האָב זיך בעהאַלטען ווייל כ'האָב מורא, און אדם פאַרענטפערט זיך וואַרפענדיג די שולד אויף אַנדערע, נאָר ניט אויף זיך, (אַ פרוי, יאָ, אַ פרוי איז אַ נוצליכע זאַך, אויף איהר די שולד צו וואַרפען איבעראַל) אינדירעקט באַשולדיגט ער גאָט אליין, האשה אשר נתת עמדי, דו האָסט מיר אַזאַ פרוי געגע־בען, און זי באַשולדיגט דעם נחש, און ביידע הערען דעם שרעק־ליכען אורטייל: „דו, פרוי, זאָלסט מיט וועה קינדער געבוירען און דיין מאַן זאָל הערשען איבער דיר, און דו, אדם, מיט שוויים זאָלסטו דיין שטיקעל ברויט פאַרדינען, און אַזוי לעבען ביז דו קערסט זיך צוריק צו די פון וועלכער דו ביזט גענומען געוואָ־רען". און דאָ ליגט דער גאַנצער אינהאַלט פון דער טיפער טראַ־געדיע פון מענשען. פון דער וויג ביז'ן קבר, אנגסט, טרויער, שמערצען, שוויים, בלוט, טרעהרען און טויט, און שולדיג איז דער מענש אליין אין זיינע ליידען וועלכע ער האָט אויף זיך אליין אַרויף געצויגען. „את הכל עשה יפה בעתו" גאָט האָט אַ שעהן וועלטעל באַשאַפען, אַ גן עדן מיט פּראַכטפולע אוצרות, און דעם מענשען אַהין אריין געזעצט, און געקענט האָט דער מענש לעבען אייביג גליקליך.

דברה תורה כלשון בני אדם, ווי טיעף לאָגיש און פילאָ־זאָפיש די תורה בעהאַנדעלט דאָ דעם מענשען. היינט איז אַ טאָג פון חשבון הנפש, תשובה, תפלה, און חרטה, און באשר היינט הערען מיר אם שטאַרקסטען די געטליכע שטימע איכה,

וואו ביזטו אַ גאַנצען יאָהר געווען, אין דעם הו־הא פון׳ם אלער־טעגליכקייט, אַנגעטאָן אין די וואָכעדיגע קליידער האָסטו פי־לייכט די שטימע ניט געהערט, אָבוואָל געברומט האָט זי ווי אַ טויב יעדען טאָג „אוי להם לבנים שגלו מעל שלחן אביהם״, נאָר דיינע אויערען זיינען געווען פארשטאָפּטע, טיריש, חיה׳ש ביסטו געווען האָט זיך די געטליכקייט אָפּגעטאָן פון דיר, „ואל יבא בכל עת אל הקדש״ דיין ערקלעהרונג איז געווען, אַז דער שווערער לעבען האָט דיין צייט פארנומען האָסטו ניט גע־קענט אריינדרינגען אין קדש, אָבער יום כפור איז אַ טאָג פון פאַסטען, אַ טאָג פון דערנעענטערונג צו גאָט. וויפיעל פון אונז שעהמען זיך דערהערענדיג גאָט׳ס שטימע איכה, ווייל זיי זיי־נען נאַקעט. נשמתי דאזלין ערטילאין, נאַקעטע נשמות, שרפת נשמה וגוף קים, נשמות פארברענטע און קערפּערס געזונטע. ביי אונז איז ניטאָ קיין „פּאַטריער קאָנפעסער״, מיר האָבען ניט קיין פערמיטלער צווישען מענש און גאָט, יעדערער שטעהט אין דירעקטע פארבינדונגען מיט זיין באַשעפער, דו אליין מוזט מאַכען שלום צווישען דיר און דיין גאָט, קיין אנדערער וועט עס פאר דיר ניט טאָן, איכה? הערען מיר די שטימע פון אונ־זער געוויסען.

לאָמיר אייך אויך פרעגען: איכה? וואו ביזטו, ווען איינער וויל דיר קענען און פארשטעהן דיין לעבען, דענקט ער, אַז ער וועט עס בעסער קענען פארשטעהן וויסענדיג וואו דו וואוינסט? און דו וועסט ענטפערען אַז דו וואוינסט אין ניו יאָרק, שיקאגא, אָדער סאַן פראַנציסקאָ, דאָס איז אָבער נאָך אַלץ מיין פראגע ניט געענטפערט. כ׳פרעג ניט געאָגראַפיש אין שטח, ווייל צוויי מענשען קענען וואוינען אין איין געגענד, אין איין שטאָט, איין גאס, איין הויז אפילו און זיין ווייט איי־נער פון צווייטען כרחוק מזרח ממערב. מיין פראגע איז וועגען דיין אמת׳ן איך, דיין אינהאַלט, אַ פראַגע פון מענש אָבער ניט פון פלאַץ. יע אפילו לויט דיין אַנטוואָרט: ניו יאָרק, שיקאגא

און אנדערע, אָבער יעדע שטאָט שטעלט מיט זיך פאר אונגע־הויערע ארטשאַפטען, פון מענשליכע אינטערעסען, האָפנונגען, שטרעבונגען און פארלאַנגען, און אין וועלכען ניו־יאָרק, שי־קאגא ביזטו היימיש אין די שעהנע, הויכע, גייסטיגע אָדער מיאוס'ע און נידריגע...

איכה? אויף וועלכע פונקטען פון לעבען רעאגירסטו, וואו ליגט דיין הויפט אינטערעס, וואָס אַנבעלאַנגט דיין פּאָסט־אָפּים אַדרעס, מעגסטו וואוינען אפילו אין שעהנסטען רייכסטען פלאַץ אָבער ס'איז דאָך אינהאַלטסלאָז.

און מערקווירדיג די ווייטקייט פון איין וועלט ביז'ן צווייטען מעג אפילו זיין קליין, פילייכט איינינע טריט צווישען זיי ביידען, אָבער ווי פארשידענאַרטיג!

יעדער באַזונדער איז פארשידענאַרטיג אין זיינע אַנ־שויאונגען און אינטערעסען. אם ראה הרבה אוכלסין של בני אדם אומר ברוך... הכם הרזים, כשם שאין פרצופיהם דומין זה לזה כך אין דעותיהם שוין זו לזו, אלא כל אחד ואחד יש לו דעה בפני עצמו, וְכן הוא אומר לעשות לרוח משקל (איוב כ"ח) לרוחות של כל בריה ובריה (מדרש רבה במדבר כ"א). איינער לעבט אין אַ וועלט פון זאַכען וואָס ווערען געקויפט און פאר־קויפט, און ווערען געמאָסטען מיט דער מאָס פון פּראָפיטען. ער עסט, שלאָפט, טרוימט און ארבייט זיבען טעג אַ וואָך אין זיין געשעפט, זיין וועלט איז באַגרעניצט, דו קענסט צו איהם ניט ריידען פון עפּעס העכערס און שעהנערס, ער וועט דיך ניט פארשטעהן. אַ צווייטער לעבט נאָר אין אַ וועלט פון געדאַנ־קען, פון אבסטראקטיווע אידעען, אויסווייניג קען ער פּלאַטאָ און אריסטאָטעל אָבער די וועלטס פּראָבלעמען זיינען איהם אומוויסענד, אויך זיין וועלט איז באַשריינקט און אויך נוצ־לאָז. איז אָבער אַ דריטער דאָ וואָס טראַכט און טרוימט פון אַ בעסערע וועלט, אַ אידישע וועלט, ער איז בערייט צו העלפען,

סטימולירענדיג ס׳בעסטע, ער שאַפט אן אַטמאָספערע פון גייס־טיגקייט, בעגייסטערונג און דערמוטהיגונג.

ווען אברהם פיהרט יצחק׳ן צו דער עקדה אין דער באַ־גלייטונג פון די יונגען און זיי זעהן פון ווייטען דעם בארג מוריה, זאָגט אברהם צו זיינע יונגען: שבו לכם פה עם החמור, אמר אברהם ליצחק רואה אתה מה שאני רואה, א״ל אני רואה הר נאה ומשובח וענן קשור עליו, אמר אברהם לנעריו: רואים אתם כלום, א״ל אין אנו רואין אלא מדבריות, א״ל שבו לכם פה עם החמור, הואיל והחמור אינו רואה ואתם אינכם רואים — אתם כמותו. די יונגען האָבען בלויז מדבריות געזעהן, זאָגט אברהם איהר זענט חמורים. ס׳אַראַ שעהנע און בייסענדע סאַטירע עם ליגען אין די ווערטער פון די אַלטע אידישע חכמים. איכה, וואו ביזטו, וואָס זעהסטו. זעהסטו וואָס אברהם זעהט און ביזט אין זיין געזעלשאַפט אָדער געפינסטו זיך צווישען די חמורים ווייל דו זעהסט נאָר מדבריות וואו אנדערע זעהן שעהנקייטען.

און לאָמיר אייך, יונגע לייט פרעגען, איכה, אין וואָס פאר אַ וועלט געפינט איהר זיך און וואָס איז אייער צוקונפט? אין די הייליגע שריפטען ווערען געמאָלען צוויי פארשידענאַרטיגע כאַראַקטערע וועמענס נעהמען זיינען געווען דוד און גלית. דוד פיזיש ניט שטאַרק ענטוויקעלט, יונג. און גלית הויך, אַ ריז, פיזיש שטאַרק, ברוטאל. דוד׳ס קאָפּ האָט געטראַכט וועגען הימעל׳ס זאַכען אויף יהודה׳ס בערג, זינגענדיג ד׳ רועי לא אחסר בנאות דשא ירביצני על מי מנוחות ינהלני, בך ד׳ חסיתי אל אבושה לעולם, מיט גאָט׳ס הילף איז דוד זיכער. גלית אָבער זוכט זיכערהייט אין געווער, ביזטו אַ דוד אָדער אַ גלית? איז דיין וועלט אַ שעהנע אָדער אַ ברוטאַלע? כ׳מיין דאָ ניט קער־פערליכע שטאַרקייט צו אינטערשעצען. ניין, דאָס איז א מתנה פון גאָט וואָס דארף הויך געשעצט ווערען ווייל אַ גע־זונטער קערפּער פארמאָגט אַ געזונטע נשמה, אָבער ווי פאר־

װענדעט מען דיזע גאָט'ס מתנה? אַ מאַן, שטעהענדיג ביי די „ניאגרא פאַלס" האָט געזעהן װי אַן אָדלער שטעהט אויף אַ שווימענדע שטיק אייז אין װעלכען ס'איז געװען איינגעשלאָ־סען אַ פאַרפראָרענער שעפּס. דער אָדלער האָט געפיהלט די גע־פאַר װאָס עס דראָהט, ער האָט אָבער אויסגערעכענט דער־װייל לאָמיר הנאה האָבען, שפּעטער אין געפאַר װעל איך אָװעקפליהען, װי טרויעריג איז זיין לאַגע געװען װען ס'איז געקומען דער שפּעטער און ער האָט געװאָלט אויפהויבען זיי־נע פליגלען צו פליהען, אָבער זיינע פיס זיינען איינגעפראָרען געװאָרען אין דער שעפּסען װאָל און ער איז מיט דער קריע ארונטער אין אָפּגרונט.

װיפיעל יונגע מענער און פרויען זיינען צו גרונט גע־גאַנגען װייל זיי האָבען זיך צופיעל ערלויבט, מיינענדיג ס'איז אַ צייט פערטרייב, און װען איהר פרעגט זיי איכה? בעהאַל־טען זיי זיך פאַר שאַנדע... און אלס איד, לאָמיר אייך פרעגען איכה, װאו ביזטו איד געװען אַ גאַנץ יאָהר, װי אַ גאַסט פיהל־סטו זיך אין גאָטס־הויז, דו װארסט אויף דער לעצטער תקיעה פון נעילה צו אַנטלויפען פון שול, דו ביזט אַ מעמבער פון פאַר־שידענע געזעלשאַפטען, לאָדזשעס, האָסט קיין צייט פאַר גאָט, פאַר'ן שכל, דו זאָגסט אין דעפרעשאַן צייט אני ראשון, איך בין דער ערשטער צופיהלען דעם דרוק, איך און מיין פאַמיליע קומען צום ערשטען, און אין פּראָספּעריטי זאָגסטו ואני אחרון, כ'בין דער לעצטער, װייניג געמאַכט, און גאָט איז דער לעצטער, דו װארפסט די שולד אויף אנדערע „האשה אשר נתת עמדי", זי איז שולדיג, און זי באַשולדיגט דעם שלאַנג, די תאוה, און דער רעזולטאַט איז אַ טרויעריגער, דו שעהמסט זיך װען דו הערסט דעם "איכה".

נחפשה דרכינו ונחקורה ונשובה אל ד', אמן.

# דרוש ליום כפור

## די שפראַך פון געוויסען

ויבא שם אל המערה וילן שם והנה דבר ד׳ אליו ויאמר לו: מה לך פה אליהו? ויהי כשמע אליהו וילט פניו באדרתו ויצא ויעמד פתח המערה והנה אליו קול, ויאמר מה לך פה אליהו? ויאמר: קנא קנאתי לד׳ אלהי צבאות כי עזבו בריתך בני ישראל את מזבחותיך הרסו ואת נביאיך הרגו בחרב ואותר אני לבדי ויבקשו את נפשי לקחתה. ויאמר ד׳ אליו, לך שוב לדרכך מדברה דמשק ובאת ומשחת את חזאל למלך על ארם, ואת יהוא בן נמשי תמשח למלך על ישראל ואת אלישע בן שפט מאבל מחולה תמשח לנביא תחתיך.

(מלכים א׳ י״ט).

אליהו הנביא אַנטלויפט פאר אחאב און איזבל׳ס כעס, זיין לעבן ווילען זיי איהם רויבען, ער אַנטלויפט פון מענשען און פילייכט גלייכצייטיג אויך פון גאָט, טראַטציג און אָהן מורא שטעלט ער זיך, דער שטאַרקער, שטאָלענער כאַראַק־טער־מאַן, אַנטקעגען דעם מלך ישראל און וואַרפט איהם דעם ביטערען אמת אין „פנים” אריין, „הרצחת וגם ירשת”, אליהו, וועלכער קעמפפט אזוי העלדיש אַנטקעגען די נביאי הבעל, שלאַכטעט זיי אוים פיער הונדערט און פופציג אויפ׳ן בארג כרמל, דער זעלבער אייזערנער גייסט, ליגט פלוצים אַ פאר־צווייפעלטער און שטאַרק פארביטערט אונטער אַ רתם בוים, און שפעטער אין א הייל, אַ מערה, און גיסט זיין גאַל אוים אויף די שלעכטע מיטמענשען וואָס זיינען מערדער און רויבער, און

בעט דעם טויט אויף זיך. „וישאל את נפשו למות", אָבער אין זיין גרויסער ענטוישונג, הערט ער גאָט'ס שטימע „מה לך פה אליהו"? וואָס טוסטו דאָ, אליהו, דיין אָרט איז נישט אין דער מדבר צווישען שטיינער, דו דארפסט ניט זיין קיין מתבודד, איינזאם, איזאָלירט פון מענשליכע געזעלשאַפט, ס'איז זעהר גרינג אַ קדוש, אַ מאַרטירער צו זיין אין דער מדבר, אָבער ניט דו, געטליכער נביא, אויב דו ווילסט ברייננען גאָט'ס וואָרט צו מענשען דאַרפסטו געהן צו זיי, פארשטעהן זייער אָלטעגליכ־קייט, זייער לעבען און אומרוה. זאָג זיי: גאָט איז ניט אין שטורעם און אין פייער, וואו איינער וויל דעם צווייטען פאר־ברענען און פארניכטען, אין א געזעלשאַפט פון רויב, מאָרד, פּראַפיטען אויף יענעמס חשבון, אין אַ געזעלשאַפט וואו מען איז צושפּליטערט און צו ברעקעלט אויף אָרימע און רייכע, אונ־טערדריקטע און אונטערדריקער. געה, געטליכער נביא, צו די מענשען־קינדער, ניט אלע זיינען פארדאָרבען, עס זיינען דאָך געבליבען „זיבען טויזענד" וואָס קניהען זיך ניט פאר'ן בעל, עס זיינען דאָ גוטע נשמות, אַ גוטער מענשען מאַטעריאל מיט וועמען דו קענסט אַרבייטען צו דערהויבען די ענטמוטיגטע גע־זעלשאַפט. געה, און זאַלב חזאל'ן פאר אר'ם קעניג, יהוא — ישראל'ס קעניג און אלישע בן שפט — פאר דיין שטעל־פאר־טרעטער, ווייל, אליהו, דיין בעטען פאר זיך דעם טויט צייגט דיין עגאָאיזם, און דיין שוואַכקייט צום לעבען, און אויב אליהו האָט געדענקט אַז מען קען פון גאָט אַנטלויפען אזוי ווי מ'קען אויך פון מענשען אַנטלויפען, האָט ער געמאַכט אַ טעות, און דעם זעלבען טעות האָט אויך אדם הראשון אויסגעפונען, ווען ער האָט גאָט'ס שטימע געהערט: איכה? וואו ביזטו. דעם זעלבען טעות האָט אויך יונה הנביא געמאַכט, ווען ער איז אַנט־לאָפען פון גאָט צו געהן נאָך תרשיש, און דעם זעלבען טעות געפינען אוים אלע וואָס אַנטלויפען פון גאָט און פון פאראַנט־וואָרטליכקייט, גאָט'ס שטימע וועט זיי שוין אויפזוכען, און ניט

לאָזען זיי רוהען ביז זייער פליכט צו מיטמענשען וועט געטאָן ווערען. „מה לך פה אליהו", און דאָס רעדט די שטימע פון געוויסען צו יעדען פון אונז, און די שטימע רעדט מיט דער קראפט פון אַ שופט, שטראָפט גרויזאַם פאר אומגעהאָרכזאַמקייט.

היינט איז יום כפור, ראש השנה זיצט גאָט על כסא דין און משפט יעדען מענשען. יום כפור אָבער משפט זיך דער מענש אליין, דאָס איז דער טאָג פון „על חטא" און „אשמנו", אַ טאָג פון זעלבסט קריטיק, זעלבסט אונטערזוכונג, ווען די אינערע געטליכע שטימע רעדט צו אונזערע הערצער, צו אונזער געוויסען. מיר שטעהען פאר כסא משפט, און דער יושב על כסא המשפט מאַכט קיין טעות ניט, און מען משפט, ניט נאָר אונזערע מעשים נאָר אפילו אונזערע געדאנקען, מאָטיווען, אונזערע שטעלונגען און האַלטונגען, וועלכער דעקט אויף פאר אונז אונזערע אלע טיפע געהיימניסע וועלכע זיינען פארבאָרגען פון דער מענשליכער אויג און רעדט צו אונז מיט דער נביא'ישער שפראך:

„הוי האומרים לרע טוב ולטוב רע, שמים חשך לאור ואור לחשך, מר למתוק ומתוק למר, הוי חכמים בעיניהם ונגד פניהם נבונים, מצדיקי רשע עקב שחד וצדקת צדיקים יסורו ממנו" (ישעיה כ' כ"ד) „וועה, צו די זאָגער אויף שלעכטס — גוט און אויף גוטס — שלעכטס. פינסטער איז ביי זיי ליכטיג און ליכטיג פינסטער, ביטער — זיס און אומגעקעהרט, האַלטען זיך פאר קלוג, דעם רשע פאר שחד מאַכען זיי גערעכט, און דעם גערעכטען באַרויבען זיי פון זיין גערעכטיגקייט".

„מה לך פה"? וואָס טוסטו דאָ, שרייט צו יעדען פון אונז, אַ געטליכע שטימע, וואָס טוסטו אויף דער וועלט, באַגראָבען אין אַ הייל אין אַ מדבר, איזאָלירט פון מענשען, און טראַכסט בלויז פון זיך אליין. וועלטס פראָבלעמען ווערען פון עגאָאיסטען און פעסימיסטען ניט געלייזט ווערען, ווי אַ קהלת און אַ שאָפענהויער פערלאנגען, נאָר געלייזט קענען זיי יאָ ווערען פון

יענע עלעמענטען, פון יענע קלאַס מענשען וועמעס הערצער זיינען פול מיט ליבע, גלויבען און האָפנונג.

לאָמיר אייך פרעגען: מה לך פה, וואָס טוסטו אויף דער וועלט, וואָס איז דער לייטענדער מאָטיוו פון דיין לעבען, הויפּט־זעכליך איז די פראַגע געצילט צו די יונגע מענער און פרויען, וואָס איז אייער הויפּט אינטערעס אין לעבען?

די פילאָזאָפען באַהויפּטען אז די איינציגע ווירקליכע וועלט איז די יעניגע וועלכע איך קען פּערזענליך זעהן און פיה־לען, די מעגליכע אַנדערע טויזענדער וועלטען עקזיסטירען פאר מיר ניט ווייל זיי זיינען ניט קיין טייל פון מיין באוואוסטזיניג־קייט און ערפאַרונג. די וועלט פון שענהייטס פארבען און קאָ־לירען געהען ניט אריין אין דעם באַגריף פון דעם בלינדען, די קאָלירען פון רעגענבויגען, זונענאויפגאַנג און זונען אונטערגאַנג עקזיסטירען ניט פאר איהם, געזאַנג און הארמאָני פארנעהמען קיין פּלאַץ אין דעם לעבען פון טויבען. די פינפטע סימפאָני בעטהאָווענס, דער פויגעל געזאַנג און קינדער געלעכטער האָ־בען פאר איהם קיין ווערטה, גייסטיגע ווערטהען עקזיסטירען ניט פאר דעם יעניגען וואָס איז גייסטיג טויט.

מה לך פה? ווי ברייט איז דיין וועלט, ווי רייך איז איהר אינהאַלט? אויף וויפיעל פאָרמען פון לעבען רעאגיר־סטו און ווירקסטו?

כ׳בין, וועסטו מיר ענטפערען, אַ ביזנעסמאַן, מיין אויפ־גאַבע אין לעבען איז געלד צו מאַכען, געלט ברייננגט מאַכט, פּריווועליגיען און פאָרצוג. קיין עולה! די תורה, מאָראַל און עטיק האָבען גאָר ניט דאַגעגען, ס׳איז פּונקט אזוי הייליג צו מאַכען ברויט און קליידער און זיי פאַרקויפען צו מענשען ווי צו „פאַרקויפען” רעליגיאָן, ס׳איז פּונקט אזוי עטיש צו בויען הייזער פאר מענשען און זיי פאַרקויפען ווי צו „פאַרקויפען” ״בילדונג״ און צו פּראָצודירען און פאַרקויפען די אלע רייכטי־מער פון דער ערד ווי צו „פאַרקויפען” עטיק און מאָראל, די

עולה איז נאָר ווען דו ביזט בלויז אַ ביזנעסמאַן און אויסשליסענדיג אלע אנדערע באַגריפען און ווערטען פון לעבען, דיין לעבען איז טרוקען און אינהאַלטלאָז אויב ער באַשטעהט נאָר פון קויפען און פארקויפען, „על חטא שחטאתי לפניך במשא ומתן", וואָס וואָלסטו פון אַ רעליגיאָזנס פאַרשטעהער געטראַכט, ווען ער וואָלט זאָגען: איך בין ניט אין דעם בארוף צו דינען די מענשהייט אלס אידעאל, נאָר געלט צו מאַכען און צו פראָפיטירען... וואָס פאר אַ מיינונג וואָלסטו געהאַט פון אַ דאָקטאָר ווען ער וואָלט באַהויפּטען: איך פּראַקטיציר ניט מיין פראָפעסיאָן צוליעב מיין אייגענעם פארגעניגען נאָר צוליעב די מאַטעריאַלע נוצען וואָס דאָס ברייגנט מיר, וועסטו מיר צאָלען מיין פרייז, וועל איך דיר היילען, ווען ניט — שטאַרב!

וואָס פאר אַ רעכט האָבען יענע מענשען וואָס מאַכען ביזנעס זייער אידעאל ארויפצוצווינגען אויף אנדערע אַ סטאַנדאַרד פון עטיק און מאָראל וועלכע זיי ווילען ניט האָבען פאר זיך? דער לוין ארבייטער איז פונקט אזוי בארעכטיגט צו לעבען ווי דו. „איש זרוע לו הארץ" הייסט עס אז מאַכט איז רעכט. אומגלייכהייט וועט אלע מאָל עקזיסטירען אָבער ניט צו אַזאַ מדרגה וואו אייניגע האָבען אלעס און די גרויסע מערהייט האָט גאָר ניט. „העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט" האָט די תורה פארזאָרגט, דער רייכער דארף ניט צו רייך זיין און דער אָרימאַן דארף ניט צו אָרים ווערען. ווען אינדוסטריע וואָלט געווען מאָראַליזירט, ביזנעס אינספּירירט פון העכערע מאָטיוועןאון פינאַנס עטיזירט, וואָלטען דאן אזוינע טראַגעדיעס, קאַטאַסטראָפאַלע קריזיסען ניט פאַסירט, „מלחמות" וואָלטען פארשוואונדען, ווען איינער זאָגט „שלי שלי ושלך שלי" מיינס און דיינס איז מיינס, הייסט ער אַ רשע. הערשט דען ניט אויף דער וועלט היינט צו טאָג אַזאַ רשעות? הערשט דען ניט אַ מאָראל פון כאַפּ־לאַפּ — חטוף ואכול, און וועסטו ניט פארכאַפּען וועט

דער צווייטער זיך מקדים זיין, אַ וועלט פון קאָמפּעטיציע, נעם וואָס מעהר און גיב וואָס ווייניגער — הייסט עס ניט בלוט? און די חז״ל רופען עס אזוי: „דמים תרתי משמע״.

אין דער שפּאַנישער ליטעראַטור דערצעהלט זיך אַ לע־גענדע: אַ פאַרשטיינערטער מענש וועלכער האָט אין אַ וויינ־גאָרטען געאַרבייט איז באַשולדיגט געוואָרען אין עסען די טרויבען אָהן דעם בעל הכרם׳ס ערלויבניש. דער ארבייטער האָט געלייקענט די באַשולדיגונג, עס צו באַשטעטיגען האָט ער געשוואָרען מיט אַ קללה, ס׳זאָל אויף איהם אַ הימעלשע שטראָף קומען, אויב ער האָט געגעסען. די קללה איז גלייך מקוים גע־וואָרען, און אין פאַרצווייפלונג האָט ער אויסגעשריען: וואָס איז פון מיר געוואָרען, כ׳קען זיך ניט ריהרען פון אָרט, און טהוט אַ קוק אויף זיינע פיס, זיי זיינען אין שטיינער פאַרוואַנ־דעלט געוואָרען, מיט שרעק איז ער זיך מודה אויף זיינע זינד, די אַרומיגע טרייען שוין איהם צו העלפען, מאַסאַזשירען זיינע פיס אין אויל און עסיג, אָבער די פאַרשטיינערונג שטייגט העכ־כער אין קערפער, די צושויער פאַלענדיג אויף די קניה בעטען גאָט פאַר איהם, אָבער, אומזיסט, ער איז פאַראַליזירט, פאַר שטיינערט געוואָרען אין גאַנצען, און עד היום שטעהט אַזאַ פאַרשטיינערטער מאָנומענט מיט זיין קערבעל אין האַנט און זיינע אויגען קוקען אין דער וויטער ליידיגקייט ווארפענדיג אַן אימה אויף די פאַרבייגעהער. אַ מוסר השכל פאַר די קינ־פטיגע דורות.

וויפיעל פון די וואָס דינען דעם עגל הזהב געפינען זיך אין דיזען בילד, נעהמען אלעס פאַר זיך און לאָזען זעהר ווייניג פאַר׳ן צווייטען, קלאַפּען זיך אשמנו, בגדנו, און זייערע הער־צער, אויגען, הענט און פיס זיינען פאַרשטיינערט און פיהלען ניט דעם וועלט שמערץ.

זעלבסטפאַרשטענדליך אַז מיינע ווערטער זיינען ניט געציעלט צום גרויסען כלל און געווים ניט אויף יענע אידען

ווען ס'וועט אלעס צעשטערט ווערן, וועט דער מענטש זיך דערמאנען וועמעס הערצער זיינען תמיד אָפען פאר אלעס וואָס איז שעהן, נאָבעל און גוט. אין בעצוג אָבער צו די גרויסע מאַכט־האָבער, צו די אילי הכסף וועמעס גאָלדענער גאָט האָט אָנגעמאַכט אזוי פיעל צרות, טראַגעדיעס, מלחמות און בלוט בעדער, איז דאָס אַ ביטערער אמת.

מה לך פה, וואָס טוסטו אויף דער וועלט? — דיין ענטפער וועט זיין, אום צו האָבען פאַרגעניגען, באַלאַנגסט צו דער גרופּע וואָס זאָגען: אכול ושתה כי מחר נמות! און האָט דען קהלת ניט געזאָגט: „אין לאדם תחת השמים כי אם לאכול ולשתות ולשמוח", קיין בעסערס ווי עסען, טרינקען און אמוזירען זיך, איז אויף דער וועלט ניטאָ, ס'מיינט „אַ גוד טאַים", ס'איז אויך קיין עולה ניט. אויך אליהו הנביא ווען ער איז אָנגעזאָגט געוואָרען צו ערציהען און בילדען זיינע מיטמענשען גייסטיג, סאָציאל און פּאָליטיש האָט איהם דער מלאך ד' געוויזען א „עוגת רצפים וצפחת מים" ברויט מיט וואסער, אליהו מוז פריהער אין א גוטען פיזישען צושטאַנד זיין אום צו קענען פּרעדיגען העכערע מאָראל און אידעאלען צווישען מענשען. מען קען ניט ברענגען גאָט'ס תורה און מעשליכקייט צו הונגעריגע און פארשמאַכטע, אַ לעבעל ברויט אַ א קרוג וואסער טהוען אַמאָל מעהר גוטעס ווי דרשות און אָראַטאָרישע אַטרעקשאָנס.

זעהן מיר דען ניט ווי די פארגעניגענס ווערען פאַרוואַנדעלט אין פאַרברעכעריי, שמוץ און אויסגעלאַסענהייט? יעדע טורמע צעל קען דערצעהלען אַ געשיכטע פון אַ פאַרברעכען וועלכער איז דער רעזולטאַט פון יאָגעניש נאָך פאַרגעניגענס, „גוד טיימס", און דאָס ערגסטע איז וואָס די פאַרברעכער ווערען הינגעשלעפּט אַלץ טיפער, און הילפלאָז ווערען זיי פאַר זיך אליין. דער קליינער אינגעל, איז גערעכט געווען, זאָגענדיג: מאַמע, כ'שריי ניט ווען איך האַלט אין פאַלען, כ'קען זיך אליין צוריק האַלטען, אלעס וואָס איך דארף

טאָן איז, זאָגען צו זיך אליין „האַלט", און מאַך זיך זעלבסט צו פאָלגען.

היינט איז אַ טאָג פון חשבון הנפש, תפלה טאָן פאר מחילה, סליחה וכפרה, וויפיעל פון אייך דארפען בעטען ס'זאָל קיין צושטערטער „שלום בית" ניט זיין. מה לך פה? וואָס טוסטו אין דיין היים, וואָס האָסטו געמאַכט פון דיין היים? איז דאָס אַ היים אָדער א הויז. אַ הויז איז געבויט פון ליים און ציגעל, אַ היים אָבער באַשטעהט פון ליבע, טרייהייט, גע־שפונען פון די פיינסטע, נאָבעלסטע געפילען און סענטימענ־טען. אַ היים איז אַ הייליגטום, מיין פארמעגען קען דער־גרייכען אין מיליאָנען, אָבער אָהן אַ היים בין איך דער אָרעמס־טער מענש אויף דער וועלט. אָבער מיט אַ היים אין דער גע־זעלשאַפט פון אַ ליבעם ווירדיגע פרוי און קינדער וועלכער זאָלען געבען אינספיראַציע און מוטה צום טעגליכען קאַמפף מיט דער אויסערליכער וועלט בין איך דער רייכסטער מענש אויף דער וועלט. אַ היים דאַרף זיין אַ קוואַל פון אינספיראַ־ציע און ניט פון וואולגאַריטעט, טעמפּעראַמענטאַלע כעס אוים־ברוכען און אויפרעגונגען.

על חטא שחטאנו לפניך באמוץ הלב, על חטא שחטאנו לפניך בבטוי שפתים, ועל חטא שחטאנו לפניך בטומאת שפתים. וואָס פאר אַ טראַגישער אמת ס'ליגט אין די ווערטער. און איהר מיינע טייערע זין און טעכטער, האָט איהר בעסערע פריינד אויף דער וועלט פון אייערע עלטערען, אָבער וויפיעל פון אייך דארפען זיך קלאַפּען אין הארצען זאָגענדיג: על חטא שחטאתי בזלזול הורים ומורים! געווען אַמאָל אַ פאָטער ביי אידען וואָס האָט געקלאָגט „בני בני אבשלום מי יתן מותי תחתיך, זיין נאָמען איז געווען דוד מלך ישראל, זיין זוהן איז געווען אַ פרינץ, שעהן העפליך, באַצויבערט אַלעמען מיט זיי־נע מאַנירען, אלעס ווי ס'פּאַסט פאר אַ פרינץ, דער פאָטער זיי־נער האָט זיין קאַריערע אלס פּאַסטוך אָנגעהויבען, פיטערענ־

דיג זיין פאָטער׳ס שעפּסען אויף יהודה׳ס בערג, איינשטעלענ־דיג זיך צו קעמפּפען מיט וועלף, בערען און לייבען, און איז געשטיגען העכער און העכער ביז ער איז געקרוינט געוואָרען אלס מלך ישראל, אין ווערמען דער אידעאל פון קעניגטום ביי אידען איז פארקערפּערט אויף אייביג „דוד מלך ישראל חי וקים.״ זיין זוהן אבשלום איז אָבער געבאָרען געוואָרען אַ פּרינץ, ערצויגען אין לוקסוס, אין אַ פּאַלאַץ פון אַ אָריענטאַלי־שען מאָנארך, ס׳האָט איהם קיין זאך ניט געפעהלט, בלויז אַ הייסע נשמה, און דער וואוילער יונג האָט געוואָלט זיין פּאָטער ירשה׳נען ביי זיין לעבען און האָט אָרגאַניזירט אַנ׳ארמיי גע־גען זיין פּאָטער, איהם האָט זיך געוואָלט נאָר איין זאך, טראָ־גען די קרוין פון זיין פּאָטער, וואָלט אָבער אבשלום ווי זיין פּאָטער דאַרפען אָנהויבען פון קליין צו ווערען גרויס, וואָלט אַזא טראַגעדיע ניט פּאַסירט.

שפּילען זיך דען ניט טעגליך אָפּ אַזוינע טראַגעדיעס פאר אונזערע אויגען? קינדער ווארטענדיג אויף׳ן טאַטענס טויט, צו ירש׳ענען זיינע אינשורענס פּאָליסים. „העי פּאָפּ״, שרייט אוים דער זוהן מיט אימפּעט: „ווהאַט עי ברעיק טשארלי העד, היז פאָדהער דייעד ענד לעפט הים איי פאָרטשון״, ס׳אַרא גליק טשאַרלי׳ן האָט געטראָפען, זיין פּאָטער איז געשטאָרבען און איהם געלאָזען אַ פאַרמעגען, מיינענדיג, פּאָפּא, ווען האלט עס שוין מיט דיר אַזוי?

אליהו הנביא האָט קיין ענטפער געגעבען אויף גאָט׳ס פראַגע: מה לך פה? ס׳איז אומעגליך אַזא פראַגע צו ענטפע־רען, ליגענדיג אין אַ מדבר אָדער הייל טהוט מען גאָר ניט, לע־בען הייסט וואקסען, אין אַ מדבר וואקסט גאָר ניט ווייל דער לעבענס פּרינציפּ איז דאָרט אַ טויטער. געה, זאָגט איהם די געטליכע שטימע, און זאלב קעניגע, פּאראינטערעסיר זיך מיט דיינע מיטמענשען ועסטו אויך פאר זיך האָבען אַ תקון און ניט בעטען אויף זיך דעם טויט, ווייל ס׳לעבען דארף וואקסען,

ס׳לעבען פארקערפערט אין זיך דעם פרינציפ פון וואקסען, וועלכער איז דער שעהנסטער אויסדרוק פון דער בריאה, און דאָ ליגט דער מהות פון גאָטהייט און זיין יצירה, די פילאָזאָפי פון לעבען און פון זיין אידישער אויפפאַסונג.

דער איד ערשיינט אויף דער וועלט סצענע מיט דער פילאָזאָפיע און באַגריף פון אַ יש מאין — מיט אַ בראשית ברא, און גאָט זאָגט יהי, ס׳זאָל ווערען, ס׳זאָל וואקסען גראָז, עשב מזריע זרע, וואקסען און ענטוויקלען זיך, אָהן דער ווי־סענשאַפט פון די עדדינגטאָן׳ס, דזין׳ס, איינשטיין׳ס מיליקען׳ס און מייקעלסאָן׳ס וועגען דער לערע פון דער „עקספענדיג יוני־ווערס״ פון דער פרינציפ פון׳ם פראָצעס דער וועלט אויסשפריי־טונג.

אין קורצע און איינפאכע שטריכען האָט שוין די תורה אָנגעדייטעט אויף דעם פרינציפ פון דער וועלט אויסשפריי־טונג, אויף איהר ענטוויקלונג און וואוקס. קינסטלעריש און מאַיעסטעטיש מאָלט די תורה דעם אַקט פון „בראשית״ פון אַ וועלט וועלכע איז אויסגעוואקסען און זיך ענטוויקעלט פון תהו ובהו, פון אַ כאַאָס וועלכע האָט עקזיסטירט פאר בריאת העולם, און אזוי ענטוויקלען זיך די עפּיזאָדען פון געבורט און וואוקס, און גאָט זאָגט ס׳זאָל ליכטיג ווערען און האָט אויפגע־האַנגען די ליכטער אין הימעלס-געוועלב, ס׳האָט זיך געשאַ־פען די נאַטור און דער מענש צו לעצט, און כביכול האָט הנאה געהאַט פון מעשה ידיו, און דער יוצר המאורות איז נאָך היינט אויך אַ „בונה עולמות״, זיין ארבייט וועט זיך קיינמאָל ענדי־גען. „אני ראשון ואני אחרון״ און גאָט׳ס „אחרון״ מיינט אונענדליך, און ס׳קען קיינמאָל ניט זיין קיין „אחרי ככלות הכל״, ווייל ער איז אַ „לבדו ימלוך״, שטערען, פלאַנעטען וואַקסען און פונקט ווי אין דער פיזישער וועלט אזוי אויך אין דער גייסטיגער וועלט מאַניפעסטירט זיך דער פרינציפ פון „זיין און ווערען״ פון „הוה ויהיה״. דאָס איז גאָט׳ס נאַ־

מען און זיין פרינציפּ האָט ער איינגעפּאלנצט אין יעדען מענ־שען וועלכער טראָגט אויף זיך זיין צלם אלקים.

צו ליגען אין אַ מערה און פיהרען אַ מדבר לעבען, הייסט בעטען אויף זיך דעם טויט, צו זיין צווישען מענשען און נעמען אַ טייל אין זייערעליידען און פּראָבלעמען הייסט לע־בען און וואַקסען גייסטיג און מאָראַליש.

„עם זו יצרתי לי תהלתי יספרו", כ'האָב דעם פאָלק זיך געשאַפען, זאָגט גאָט דורך ישעיה הנביא, צו דערצעהלען מיין לויב, און אין גאָט'ס תפילין שטעהט: „מי כעמך ישראל גוי אחד בארץ", אַפאָלק וועלכע פארקערפערט און פאראייביגט אויף דער ערד מיין געטליכען און הימלישען מהות און איז „אחד" אין פרינציפּ איייניג פון בראשית ביז דעם באחרית הימים.

און ווי פאלש און לעכערליך איז די מאָלעריי פון'ם אַמעריקאנעם מאַלער דזשאן סינגער סארדזשענט אין דער באָס־טאָן פּאָבליק לייברערי, „די קירך און די סינאַגאָג", וואו די ערשטע ווערט געמאָלען אלס שעהנע לעבענסלוסטיגע און האָפנונגספולע פרוי און די צווייטע אלס אַלטע מכשפה, דאָס קאָפּ אַראָפּגעלאָזען, די אויגען פארבונדען זיצענדיג אויף די טרעפּ פון אַ רואינירטען טעמפּעל דריקענדיג צו איהר הארצען די אַלטע צובראָכענע לוחות. ניין דאָס איז ניט קיין קונסט, דאָס איז בלויז א נאַכהאַמונג פון אַ פאַלשע פינסטערע, מיטעל־אַלטערליכע קירך אין סטראסבורג. זאָ לאַנג די סינאַגאָג דריקט צו איהר הארצען די לוחות, דעם אייביגען קוואל פון דער העכסטער מאָראל, יושר און מענשליכען צוזאמענלעבען, איז זי נאָך יונג און לעבענסלוסטיג, און די האָפנונגען פון דער וועלט, אַלט און אייביג יונג. אידענטום האָט קיינמאָל ניט געפונען קיין פלאַץ אין היילען און קאטאקאמבס ווי דאָס קריסטענטום. „אשר יעשה אותם האדם וחי בהם" און אויב ס'זיינען דאָ ביי אידען קדושים, זיינען דאָס קדושים על קידוש השם וועלכע

זיינען „שנעלער פון אָדלערען און שטאַרקער פון לייבען״ צו טאָן דעם רצון פון זייער גאָט. מה לך פה, דו איד, דיין עובדה איז צו דינען גאָט און מענש און דורך דעם וועסטו רעכטפערטי־גען דיין עקזיסטענץ און קיום. אמן.

---

# דרוש להזכרת נשמות

## (יום כפור)

## ווי אַלט ביזטו?

ויאמר פרעה אל יעקב: כמה ימי שני חייך? ויאמר יעקב אל פרעה: ימי שני מגורי שלשים ומאת שנה, מעט ורעים היו ימי שני חיי ולא השיגו את ימי שני חיי אבות, בימי מגוריהם.

(בראשית מ״ז).

ווירגיל, דער רוימיש לאַטיינישער פּאָעט דערצעהלט אין איינעם פון זיינע באַריהמטע ווערק, ווי א געוויסער טי־ראנען הערשער אין רוים פלעגט באַשטראָפען פארברעכער. ער פלעגט לאָזען דעם פארברעכער צונויף בינדען מיט אַ טוי־טען קערפּער אַזוי, אַז זיין פּנים, ליפּען, נאָז, אויגען, הענט, בויך און פיס זיינען ענטשפּרעכענד געווען צו געבונדען צום טוי־טענס פּנים, ליפּען א. אז. וו. און דער אומגליקליכער פלעגט לי־גען אזוי לאַנג ביז דער טויט האָט אויך איהם באפרייט פון דער עקעלהאַפטער שטראָף.

דער טויט איז דער העכסטער שטראָף און מעגליך אז ער איז גאָר ניט אזוי שרעקליך ווי מיר דענקען. געבורט איז פיליכט שמערצליכער און ס׳קען זיין אַז דער לעבען אליין איז פיעל שווערער פון זייביידען „ונבחר מות מחיים״, דאָך אָבער אויף וויפיעל מיר באַגרייפען איז דער טויט דאָך אַ שרעקליכע ערשיינונג און אַ שווערע שטראָף. אידישקייט אָבער האָט זעהר ווייניג צו טאָן מיט׳ן טויט, ס׳האָט עס ניט געמאַכט פאר אַ קולט. די תורה האָט זעהר ווייניג דינים וועגן טויט, אַ דורש אל המתים איז ממש אַ געצענדינער ועמען גאָט האָט פיינט

(דברים י"ח) ווייל די תורה איז אן עץ חיים, „אשר יעשה אותם האדם וחי בהם", להיים נתנה ולא למות, צו לעבעדיגע ניט צו טויטע איז זי געגעבען געוואָרען. און גוזר געווען האָט גאָט אַז דער טויטער זאָל פאַרגעסען ווערען, נשכחתי כמת מלב. און אָבוואָל דער טויט אויף דעם מענשען איז אַ שטראָף פאר זיינע זינד „בעטיו של נחש" (תנא דבי אליהו רבא פ"ה) דאָך וויל ניט גאָט, דער רחמן, אז דער טויט זאָל אימערצו שוועבען פאר מענשליכע אויגען, כדי ניט צוצוברעכען, פאַראומערען און צו שטערען דעם געגוס פון לעבען, בנים אתם לד' אלהיכם, „לא תתגדדו ולא תשימו קרחה בין עיניכם למת". טעטואירט ניט אייערע קערפּערס צוליעב טרויערען אויף מתים, ווייל איהר זענט קינדער פון לעבעדיגען גאָט. און פונקט ווי ביים לעבען דאַרף אויך זיין ביים טויט, מיר וועלען זיך ניט פּייניגען און טרעהרען פאַרגיסען ווען אַ גוטער פריינד פאַרלאָזט אונז אויף אייביג, ווייל ער קערט זיך אום צו זיין פאָטער, אַזוי דאַרף אויך פאַרשטאַנען ווערען דער טויט, ווען יעמאַנד וועלכער איז אונז ליעב און טייער און ווערט אָפּגעריסען פון אונז פאר אייביג, קענען מיר געפינען אַ טרייסט אין דעם געדאנק אז ער האָט זיך צוריק געקעהרט צום פאָטער אין הימעל. רוכב ערבות שש ושמח בבא אליו נפש נקי (מועד קטן, ט"ו), און ווען מיר דאָ פאַרגיסען טרעהרען אויף דעם נפטר, פרעהט מען זיך אין די הימלען, און צווישען די גייסטער. (זעה קאַנט „קריטיק דער ריינען פערנונפט"). און פונקט ווי פאָטער־ליבע הערט קיינמאָל ניט אויף, אזוי הערט גאָטס ליבע צום מענשען אפילו נאָכ'ן טויט ניט אויף, חבה יתרה נודעת לכם... דער טויט זעלבסט נעהמט אויך זיך ארויף אַ באַגריף פון לעבען, וועלכער איז דער שטאַרקסטער באגריף אינסטינקטיוו וואָס גאָט האָט איינגעפלאַנצט אין יעדען מענשען און האַלט איהם אָן פונקט ווי דער שטאָם פון אַ בוים האַלט אָן דעם עפּעל אויף זיין צווייג.

און איצט ווען מיר שטעהען פאר הזכרת נשמות, יעדער פון אונז מיט טרעהרענדע אויגען און אַ צובראָכען הארץ, דער־מאָנען מיר ניט טויטע נאָר נשמות דערמאָנען מיר. יזכור אלקים נשמת, דערמאָן גאָט די נשמה פון מיין פאָטער, מוטער און קינד, ווייל מיר ווילען ניט טראַכטען פון די יעניגע, וועלכע זיינען אונז ליעב און טייער, מיט'ן געדאנק פון טויט, אין דעם פינסטערען קבר, נאָר אלס נשמות, וועמענס לעבען און גייסט ווירקט אויף אונז לעבעדיגע, און איצט ווען איך זעה אייערע טרעהרען און פיהל אייער קרעכץ אין אָנוועזענהייט פון נשמות וועלכע פילען אָן דעם מקום קדוש, דענק איך ניט פון טויט נאָר פון לעבען, און די גאנצע צערעמאָניע פון הזכרת נשמות האָט ניט אזוי פיעל ווערדע וויפיעל כ'קען לערנען פון דעם נוציגעם פאר'ן לעבען, התקן עצמך בפרוזדור כדי שתכנס לטרקלין, און גראדע איצט ביי הזכרת נשמות איז די צייט צו ריידען פון לעבען און זיין אינהאַלט.

פרעה פרעגט ביי יעקב'ן: „כמה ימי שני חייך", זאָגט דער רמב"ן, צווואָס שטעהט „ימי שני", און די גמרא (אין יומא ע'.) פרעגט אויפ'ן פסוק: „כי אורך ימים ושנות חיים ושלום יוסיפו לך", וכי יש שנים של חיים ושנים שאינם של חיים, קען דען זיין יאָהרען פון לעבען, און יאָהרען ניט פון לעבען? זאָגט ר' אלעזר, ס'מיינט די יאָהרען וואָס ווערען געביטען דעם מענשען פון שלעכטע אויף גוטע, און פון גוטע צו שלעכטע, און דאָ איז ניט די פראגע אין קוואנטיטי, די לענג אָדער צאָהל פון די יאָה־רען פון מענשליכען לעבען, אריכות ימים קען מען פארשטעהן לאַנגע יאָהרען אין קוואַנטיטי אָבער אויך אין קוואליטי. אַ מענש לעבט אַכציג יאָהר און שטאַרבט יונג, ער האָט גאָרניט געטאָן, און איז געווען טויט ביים לעבען, און איינער שטאַרבט צו דרייסיג יאָהר און איז אלט געשטאָרבען, ווייל די קורצע יאָהרען האָבען געהאַט אינהאַלט און לעבט אפילו נאָכ'ן טויט. דער ענטפער פון יעקב'ן אויף פרעה'ס פראגע איז ניט קיין

דירעקטער, ס׳האָט אַ טיפע בעדייטונג, ס׳מיינט: די צייט פון מיין וואוינען (מגורי) אויף דער וועלט קען פארשטאַנען ווע־רען פארשידען. אין יאָהרען בין איך הונדערט מיט דרייסיג יאָהר אַלט, נאָר אין העכערען באַגריף פון לעבען, אויף די ״שני חיי״ אויף די יאָהרען וואָס מען קען זיי „לעבען״ רופען, זיי זיינען קורץ און שלעכט געווען, כ׳האָב ניט דערגרייכט די פאָלקאָמענהייט אין גייסטיגען זין די יאָהרען פון מיינע אור־עלטערען (מלבי״ם).

כמה ימי חייך? ווי אַלט ביזטו? כ׳מיין דערמיט ניט צו פרעגען דיר דעם דאַטוּם פון דיין געבורט. ביי ליידיעס וואָלט עס הייסען באַליידיגט און ביי מענער צופיעל פערזענ־ליכעס. כ׳מיין נאָר ווען ס׳וואָלט מעגליך זיין צו ערפינדען אַזאַ אינסטרומענט וואָס זאָל רעדזשיסטרירען די מענשליכע מעשים, טוגענד פון יעדע לעבענסשטונדע, אַ באַלאַנס פון דאָס געשאַפענע אין לעבען. יעדע רייזע האָט אַ ציעל און אַן ענד־פונקט. אַ הויז בויט זיך ניט צופעליג און פלאַנלאָז, צוזאַמענ־שמעלצונג פון שטיינער און ציגעל מיט וואַפנע, הייסט ניט קיין הויז, מאַכסטו אַ טור, אַ רייזע אויף דער וועלט האָסטו אַ באַ־שטימטען ציעל, און נאָך אַ קורצער צייט רעכענסטו איבער ווי־פיעל איז פון דיין פלאַן שוין פארווירקליכט געוואָרען.

ווי אַלט ביזטו? ס׳לעבען האָט ניט נאָר לאַנגקייט, נאָר אויך טיפקייט, ברייטקייט און הויכקייט, און פרעג איך ווי אַלט ביזטו, מיינט עס, ווי טיעף, ווי הויך, ווי ברייט איז דיין לעבען אין עררייכונגען. זעלבסטפארשטענדליך, אום עס צו עררייכען מוז מען אויך האָבען אַ געוויסע צאָהל יאָהרען שוין מיטגעלעבט. אנ׳עופה׳לע וואָס ווערט געבוירען און שטאַרבט, האָט קיין מעגליכקייט ניט געהאַט עפּעס אויסצופיהרען אין לעבען, ס׳איז בלויז געווען אַ יונגע קנאָספּע, אַ בליטהע אויפ׳ן בוים וואָס האָט קיין צייט געהאַט זיך צו ענטוויקלען אין אַ צייטיגע פרוכט. ס׳איז אומעגליך לעבענס שאַפונגען צו פאר־

פאָלקאָמענען אין טעג וואָכען און אפילו צעהן יאָהר. לעבען לאַנג אָהן שאַפען פארדינט ווייטער אויך קיין אויפמערקזאמ־קייט, מתושלח האָט געלעבט ניין הונדערט און ניין־און־זעכציג יאָהר, און די תורה האָט בלויז געפונען צו פארצייכענען פון איהם, אז ער האָט זין און טעכטער געבאָרען און איז געשטאָר־בען, משה אין פארגלייך צו מתושלח׳ן איז אין יאָהרען צאָהל אַ קינד געשטאָרבען, אָבער יעדער טאָג פון משה׳ס לעבען האָט איבערגעוואויגען מתושלח׳ס ניין הונדערט און ניין־און־זעכ־ציג יאָהרען.

ווי אַלט ביזטו, ווי ברייט איז דיין לעבען? ביזטו נאָר איינגעשלאָסען אין זיך אליין, איז דיין לעבען באַגרעניצט אָדער אויסגעברייט אויף אַנדערע געביטען אויך. האָסט אַ סטאָר, ביזטו אַ בוך מענש למשל, איז מעהר ווי די מאַטעריאלע זייט, אָדער די ד׳ אמות פון דיין הלכה פון יענעם שטאַנדפונקט פאַרמאָגסטו ניט, מענשהייט מיט אַלע איהרע פּראָבלעמס פאראינטערעסירען דיר ניט, אָדער? דו זאָגסט „טשאַריטי בעגינס עט האָם" (צדקה, מוז מען פריהער זיך געבען) און ביים שוועל פון דיין טיהר ענ־דיגט זיך עס. און ווילסט ניט הערען דעם וועלט וועה פון אַנדערע אָרימע און ליידענדע, עינים להם ולא יראו — האָבען אויגען און זעהן נאָר זיך אליין, האָבען הארץ און פיהלען נאָך זיך אליין, האָבען אויערען און הערען נאָר זייער אייגענעם רוף, שמאָל איז אַזאַ לעבען... אינהאַלטסלאָז איז אַזאַ לעבען און אין מדרגה פיעל נישטיגער ווי מתושלח׳ס לעבען אפילו, זיין לעבען איז ניט גע־ווען ערענהאַפט אָבער אויך ניט פארברעכעריש, ווי דיין עגאָאיסטישער לעבען. מענשען אָהן איבערצייגונגען, קומען זיי קיין רוים, קניהען זיי דעם וואַטיקאַן, קומען זיי אין ניו־יאָרק קניהען זיי פאר די סטעטשו אָף ליבערטי, קיין באַשטימ־טען לעבענס ווייזער פארמאָגען זיי ניט, ווייל מיט אנ׳אמת איז דאָס וואָס דער לייכטורם איז פאר׳ן שיפס־קאַפּיטאַן, אזוי מוז מ׳לעבען געפיהרט ווערען פון געוויסע פּרינציפּען וועלכע זיי־

נען טיעף איינגעוואָרצעלט און באַשיצט פון געוויסען. ס׳לעבען באַשטעהט ניט דוקא פון צאָל גרויסע זאכען וואָס דו האָסט אויפגעטאָן נאָר פון קליינע טהאַטען, וועלכע זאַמלען זיך צו מאַכען דיין לעבן וויכטיג און ווירדיג. אזוי ווי דער שטראָמי־גער טייך באַשטעהט פון קליינע פלוסען וועלכע פליסען אראָפּ פון די בערג אָדער ווי דער קאראללען בארג שאַפט זיך פון די מילאָנען סקעלעטען פון מיקראָסקאָפּישע באַשעפענישען, עס מאַכט דאָס לעבען ניט נאָר טיעף און ברייט נאָר אויך הויך...

ווען עס געהט אוועק אַ טאָג פון לעבען, אַ יאָהר, דיינ־קען מיר אז זיי זיינען פארשוואונדען און באַגראָבען אין דער אייביגקייט, אָבער יעדער טאָג, יעדע שטונדע אפילו האָט גע־לאָזען איהר איינדרוק אין דיר, וועלכער ווערט אַ טייל פון דיין „איך" און דורך דעם שטייגסטו אלץ העכער אין מאָראַלען זין פון לעבן, פונקט ווי דער מויערער לייגט אוועק אַ רייהע ציגעל, און דאָס איז דער באַזיס פאר נייע רייהען ציגעל ביז די געביידע איז געבויט. עס איז ניט דוקא וואָס דו האָסט געטאָן אויף דער וועלט, נאָר וואָס דו שטרעבסט אין ציעלסט צו טאָן. אונ־זער לעבן קען ניט געשאַצט ווערען מיט דער מאָס פון יעצ־טיגען מאָמענט נאָר מיט דער מאָס וואָס מיר ווילען זיין און ער־רייכען.

הלל הזקן פלעגט זאָגען: „ברוך ד׳ יום יום הוא יעמס לנו", ס׳מיינט די פליכטען פון היינט איז דער באַזיס פאר׳ן מאָרגען פון וועלכען דער מענש דארף דענקען און צו וועלכען ער דארף צילען. דאָס מיינט הויכקייט. אפילו יעקב, וועמעס לעבען איז געווען פארהעלטניסמעסיג לאַנג, טיעף, ברייט און אינהאַלטסרייך ענטפערט אויף די פראגע ווי אַלט ער איז, אז זיינע יאָהרען זיינען געווען ווייניג און ניט רייך גענוג. אויך דאַמאָלסט האָט ער געהאַלטען אין שטרעבען צו דערגרייכען העכערס און שעהנערס.

„כאשר יצא מבטן אמו ערום ישוב ללכת כשבא ומאומה

לא ישא בעמלו" (קהלת) געגליכען צו אַ פוקס וואָס האָט דער־זעהן אַ בעלאָדענעם וויינגארטען מיט פרוכט, נאָר אריינגעהן געניסען האָט ער ניט געקענט, ס'איז געווען אַ הויכער פאר־קאָן ארום, האָט ער אָבער געפונען אין אַ ווינקעל אַ זעהר שמאָלע עפענונג, האָט ער דריי טעג געפאסט זיך אויסגעמאָ־גערט און איז אריין אין גאָרטען, האָט געגעסען פון דאָס בעסטע און געוואָרען פעט, האָט ער זיך ווידער דערמאָנט אַז מען מוז דאָך אַמאָל ארויסגעהן, ווייל ס'דראָהט סכנה פון בעל הבית, האָט ער זיך ווידער געצערט און איז ארויס. דאן זאָגט ער צום וויינגאָרטען: „כרמא כרמא, מה טב את, ומה טבין אינון פירין דבגווך, וכל מה דאית בך טבין, ברם מה הנאה ממך, כמה דבר נש עליל לגבך כך הוא נפיק", שעהן ביזטו וויינגאָרטען, דיינע פרוכט זיינען אויך שעהן, אָבער מען מוז פון דיר ארויס־קומען אזוי הונגעריג ווי מען געהט אריין, כך הוא דין עלמא, אזוי איז די וועלט (קהלת רבא פ"ה), ווען דער גאנצער ציעל פון לעבען וואָלט געווען נאָר עסען טרינקען און שלאָפען ווי נאַקעט וואָלט דעם מענשענס לעבען געווען אויף דער וועלט.

יזכור אלקים את נשמת אבי — לא המתים יהללו יה ולא כל יורדי דומה, דאָס קערפערליכע טייל פון אונזערע ליב־סטע איז טויט, און אין קבר איז פוסט און פינסטער, מען נעמט גאָר ניט מיט פון דער גאַנצער האָרעוואַניע פון לעבען, אָבער דערמאָן די נשמה פון'ם טאַטען, מאַמען, קינד, דאָס אומ־שטערבליכע, דאָס הייליגסטע אין זייער לעבען, בירושה האָט מיין טאַטע מיר אַ גאָט געלאָזען, אַ תורה, אַ שול, אַ שבת, אַ יו"ט, ער האָט איינגעפלאַנצט אין מיר א אידישען געפיהל, מיין מאַמע די צנועה האָט אַ ריינעם הייליגען לעבען געפיהרט, איהר טבעת קדושין האָט זי פאר'משכונ'ט צו קענען שיקען איהרע קינדער אין חדר, און צו גאָט האָט זי איהר הארץ אין איהר תחינה שפראָך אויסגעגאָסען. איהר טיש איז געווען אַ מזבח, פאר'ן אָנצינדען די הייליגע פייערלאַך פון די שבת און יו"ט

ליכט, האָט זי זיך דערמאָנט אָן די צדקה פּושקעט פאַר אָרימע, פאַר ישיבות, ארץ ישראל, זייערע נשמות זיינען ניט קיין פאַר־בלאָנזעטע און נאַקעטע, פּונקט ווי זייער לעבען איז ניט געווען קיין נאַקעטער, ס׳האָט געהאַט אַ ציעל, אינהאַלט, ס׳איז ניט געווען גייסטיג פּוסט און דער טיפער גלויבען אין גאָט האָט אָפּגעשוואַכט דעם שרעק פון טויט. יזכור אלקים נשמת — ס׳זיינען נשמות וועלכע זיינען ווערט דערמאָנט צו ווערען, וועלען אונזערע קינדער קומען אויך אַמאָל אין שול זאָגען יזכור נאָך אונז, און אויב אפילו יאָ — וואָס פאַר אַ אינהאַלט וועט זייער הזכרה האָבען מיט וואָס וועלען זיי אונז דערמאָנען, ״הי תורה והי מצות דמגנן עלן״, זאָגט, רבותי, יזכור נאָך אייערע עלטערען זיי זיינען עס ווערטה, וועלען מיר אָבער אויך זיין באַרעכטיגט דערצו?

---

# דרוש לסכות

## שמחה ובטחון

חג הסכות תעשה לך שבעת ימים באספך מגרנך ומיקבך ושמחת בחגך אתה ובנך ובתך ועבדך ואמתך והלוי והגר והיתום והאלמנה אשר בשעריך. שבעת ימים תחג לה' אלהיך במקום אשר יבחר ד' כי יברכך ד' אלהיך בכל תבואתך ובכל מעשה ידך והיית אך שמח.

(דברים ט"ז).

ושמחת בחגך והיית אך שמח, אַ יום טוב ווען גאָט, די תורה און נאַטור הייסען זיך פרעהען. ס'איז אַ מצות עשה זיך צו פרעהען, און אזוי הייסט ער דער יום טוב „החג" פאר עקסעלעניץ. סכות איז דער פארבענרייכסטער פון אַלע אידישע יום טובים. יעדער טאָג פון די ניין טעג האָט כמעט אַ באַזונדער אינהאַלט, שמחת בית השואבה, הושענה רבה מיט די הקפות, שמיני עצרת און דער קלימאַקס — שמחת תורה. סכות איז אַ יום טוב פון פעלד, פון וויינגערטנער, הלולים, עסען און טרינקען א י ן ג אָ ט ס ה ו י ז, ויעשו הלולים ויבואו בית אלהיהם ויאכלו וישתו (שופטים ט'), אַ יום טוב ווען אידישע טעכטער פלעגען ארוים געהן אויפ'ן פרייען פעלד און טאַנצען „לחול במחולות" (שופטים כ"א).

אַ שאָד וואָס דער שעהנער, פרעהליכער יום טוב ווערט פאַרנאַכלעסיגט צוליעב די שעהנע פארגעגנער די ימים נוראים, ראש השנה און יום כפור. ס'שיינט ווי דער אַמעריקאנער איד וואָלט געזאָגט: אַזוי פיעל זיך אָנגעגעסען מיט די ערנסקייט,

מיט תפילות און תעניתים פון די עשרת ימי תשובה, דאָס דער מוח און די הארץ זיינען שוין פארטעמפּט צו די פּאָעזיע פון דער נאַטור, צו די ארבעה מינים און די סוכה. אַ שאָד וואָס אַזאַ פּראַכט יום טוב ווערט ניט געפּייערט אין פריהלינג, דאַן וואָלט ער פארנומען זיין געהעריגען פּלאַץ, ווארום נאָך אַלעמען האָט דאָך דער ענין פון סכות פּאַסירט גלייך ווען די אידען זיינען ארויס פון מצרים „כי בסכות הושבתי את בני ישראל בצאתם ממצרים.״

אָבער פּיליכט ליגט דאָ' אַטיפע כונה. די תורה האָט געהייסען גלייך נאָך די ימים נוראים זיך פרעהען, כדי דער שמחת החג זאָל זיך ארויסזעהן בולט׳ער. דער גאנצער חדש תשרי, דער ירח האיתנים שטעלט מיט זיך פאָר די צוויי דייטיגע פילאָזאָפיע פון מענשענ׳ס לעבען, די פילאָזאָפיע פון באַשיידענהייט, פון דערוויטערען זיך פון די ערדישע פארגעניגענס, כדי משלים צו זיין אונזערע נשמות, אויפהויבען זיך פון דער ערד און דערנעהנטערען זיך צום הימעל, און די פילאָזאָפיע פון דער ערד׳ס פּאָעזיע פון אתרוגים, לולבים, הדסים, ערבות און גרינע סכך.

ושמחת בחגך והיית אך שמח. פסח — דער געדאַנק פון פרייהייט, שבועות — תורה און געזעץ, סכות פייערט מען דעם געדאַנק פון שמחת החיים. דער גאנצער יום טוב איז געהייליגט דעם געדאַנקען, און ווי שטאַרק דריקט עס אויס דעם פּראָטעסט געגן די יעניגע וואָס זאָגען אַז אידישקייט איז בלויז צו פארביטערען דעם מענשליכען לעבען, עס האַלט דעם מענשען אימערצו געפּענטעט אין קייטען פון מורא און ערנסקייט, אַז ער איז אונטערוואָרפען דעם ווילען פון אַ גאָט וועלכער איז אימער בייז, אַ גאָט פון נקמה, וואָס האַלט זיינע מענשען איינגעצאַמט אין אַ ראַם פון געזעצען וואָס לאָזען קיינעם קיין הנאה האָבען פון לעבען. און די פראגע ווערט געשטעלט צו וואָס האָט גאָט באַשאַפען אַזאַ שעהנע זון, בערג, פעלדער,

וועלדער, פויגלען, ימים, טייכען און טהאלען, אויב דער מענש ווערט אַ מתחייב בנפשו ווען ער זאָל אויף אַ מינוט זיך אָפּוועדען פון גאָט און באַטראַכטען אַ בוים און זאָגען מה נאה אילן זה, מה נאה ניר זה? איז עס ניט אַ טראַגעדיע, ווען אַ מענש זאָל דאַרפען דורכגעהן דעם גאַנצען לעבען און פּיה־לען אויף זיך די „עין רואה" „אזן שומעת", די אַלזעהענדע אויג און אַלהערענדע אויער און אַלעם וואָס איך טהו ווערט פאַרשריבען און איך וועל מוזען אָפּגעבען דין וחשבון...

הייסט עס ניט אַ מין נקמה פון דעם מענשענס לעבען, אַ גאָט וואָס זיצט אין הימעל און קייכט פון געלעכטער, „יושב בשמים ישחק" אויף די מענשליכע ליידען און איינגעצאָמ־קייט?

ניין, סכות איז די גרעסטע מחאה געגען אַזאַ פאַלשען באַגריף, וועגען רעליגיאָן בכלל און וועגען אידישקייט בפרט. רעליגיאָן איז ניט קיין נאַנע וואָס הייסט דעם מענשען זיך אָפּשליסען אין קאַלטען רום פון קלויסטער און אויסמיידען די וועלט מיט איהרע פאַרגעניגענס. רעליגיאָן איז די לייכ־טענדע זון אין דער מענשליכער נשמה, וועלכע וואַרעמט און היילט און גיט פריידען און גליק. גאָט איז דער „יוצר המאורות", ווען די וועלט איז געווען אין אַ שטאַנד פון תהו ובהו און פינסטערניש האָט באַדעקט דעם תהום, האָט ער געהייסען ס'זאָל ווערען ליכטיג. ביי אידען איז ער ניט ווי ביי פּערסיאַנער, אַ גאָט פון פינסטערניש, ער איז אַ יוצר אור. רעליגיאָן איז די הערשערין פון גוטעס, גליק און שעהנקייט. דער רעליגיעזער מענש איז דער גליקליכסטער אויף דער וועלט, און די נאָבעלסטע גייסטער זיינען יענע וואָס ווענדען זיך צום הימעל ניט נאָר אין צייטען פון ליידען, נאָר אויך אין צייטען פון פרייד און גליק.

פּראָפּעסאָר טינדייל, דער באַריהמטער וויסענשאַפטס־מאַן דערצעהלט, אַז ווען ער איז ארויף די הויכע אַלפען בערג

ביי זון אונטערגאנג צו נאַטירען וויסענשאַפטליכע בעאָבאַכ־טונגען, און ווען ער האָט בעאָבאַכטעט די גלאַררייכקייט פון די אַלפּען בערג ווערמעס ווייסע שפּיצען זיינען געווען דורכגע־שניטען ווי מיט פלאַמענדע שווערד פון די אונטערגעהענדע זון, די גאַנצע פּאַנאָראַמע האָט אויסגעזעהן ווי אַ בלויער ים פייער, די סצענע איז געווען אַזוי געטליך, זאָגט ער, אַז איך האָב געפיהלט די נאָענטקייט פון גאָט, אַ גייסטיגע לייטזעליג־קייט האָט מיר באַהערשט, די שטונדע פון תפילה האָט גע־קלונגען. השמים מספרים כבוד אל ומעשה ידיו מגיד הרקיע. יעקב דער וואנדערער לייגט זיך אַוועק שלאָפען מיט אַ שטיין צו קאָפּענס, אָבער אין זיין חלום דערזעהט ער גאָט שטעהענ־דיג לעבען איהם און מלאכים וועלכע געהען ארויף און אַראָפּ אויף אַ לייטער און הייסען איהם פאַסען מוטה און גיבען איהם האָפנונג.

טרויער, פּארביטערונג און דערדריקונג פון גייסט זיינען דער הפוך פון רעליגיאָן. דער נביא חבקוק זעהט אין גאָט אַ קוואַל פון פרייד, ערמוטיגונג און האָפנונג, „ואני בד׳ אעלוזה, אגילה באלהי ישעי, וישם רגלי כאילות ועל במותי ידרכני" (ג׳-י"ח). אַ איד טאָר ניט דאוונען אין אַ פינסטערען פּלאַץ וואו די זון שטראַלען קענען ניט אריינדרינגען, אַ טרויעריגער געמיט איז ניט מסוגל פאר תפילה, נאָר „מתוך שמחה של מצוה", „אין עצבות לפני הקב"ה, שנאמר עוז והדר לפניו עוז וחדוה במקומו (חגיגה ה׳) ביי גאָט איז ניטאָ קיין טרויער, זיין אנוועזענהייט איז שטענדיגע פרייד, פּראַכט און גלאַנץ.

און דער נביא ישעיה זאָגט: לא לתהו בראה אלא לשבת יצרה, גאָט האָט ניט באַשאַפען די וועלט זי זאָל זיין פּוסט נאָר זי זאָל זיין באַוואוינט פון מענשען, און אויב איהר ווילט זיינען אפילו ראש השנה און יו"כ געווען די פרעהליכסטע טעג ביי אידען, „לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב וכיום הכפורים (תענית פ"ד). ווען אידישע טעכטער

פלעגען ארויסגעהן אין די ווײַן גערטנער און טאַנצען. און עזרא הסופר האָט געהייסען זיינע אידען, וועלכע האָבען זיך ארום איהם פארזאמעלט דעם ערשטען טאָג פון זיבעטען חודש, זיי זאָלען עסען און טרינקען און שיקען מתנות איינער צום צווייטען, ווייל דער טאָג איז הייליג, זאָלט איהר ניט טרויערען ווייל גאָטס פרייד איז אייער שטאַרקייט. „ויאמר להם לכו אכלו משמנים ושתו ממתקים ושלחו מנות כי קדוש היום לאדונינו, ואל תעצבו כי חדות ד׳ היא מעוזכם, והלוים מחשים לכל העם לאמר: הסו כי היום קדוש ואל תעצבו״, שטיצענדיג זיך אויף די פסוקים פסק׳נט דער גאון אַז מען טאָר ראש השנה ניט וויינען (הלכות רה״ש הגר״א).

דאָס איינציגע וואָס אידישקייט פארלאנגט פון איהרע נאָכפאָלגער איז באַשיידענהייט, די פארגעניגענס זאָלען ניט זיין איבערטריבען, האָב הנאה פון לעבען נאָר מיט אַ מאָס, ווייל אַז דו וועסט באגרייפען די וועלט ווי אבי הלולה, ווי אַ התונה וואו ס׳שטעהען אויסגעשפרייטע טישען אום דו זאָלסט כאַפּען און עסען, דאן אָבער וועסטו קיין הנאה ניט האָבען. ושמחת לפני ד׳, און בשעת דו האָסט הנאה פון לעבן פארגעס ניט אָן גאָט און זאָג ניט „כחי ועצם ידי עשה לי את כל החיל הזה״.

און דאָ ליגט די גאַנצע לעבענס-פילאָזאָפיע פון אידישקייט, ניט קיין צו ווייטע עקסטרעמען נאָר ווי דער רמב״ם זאָגט צו געהן אין אַ שביל הזהב, אין דעם דרך הממוצע (שמונה פרקים פרק רביעי).

און דאָס איז דער שיידע-פונקט צווישען אידענטום און גריכענטום, אידענטום און קריסטענטום. אויך אין גרי־כענלאַנד פלעגט מען פייערען דעם חג האסיף און אָפּערען דערביי קרבנות צו די געטער באקכוס און סיביל, וועלכע זיי־נען געווען די סימבאָלען פון דער נאַטור פארגעטערונג, וועל־כע פלעגען זיך אויסלאָזען אין די אבשייליכסטע וואקכא־

נאַליעם אין ארגיעם פון וויין, פרויען און געזאנג, און די אויס־געלאסענהייט האָט געפיהרט צום אונטערגאנג פון דעם פי־לאָזאָפישען, דענקער, פאָעטען און קינסטלער פאָלק. אידען אָבער האָבען געפייערט דעם יום טוב סכות נעהעמנדיג דעם שעהנעם אתרוג, דעם שטאָלצען לולב, די שמעקענדע הדסה און די איינפאַכע געזונטע ערבה און געזאָגט הלל צו גאָט דעם שעפער פון דער נאַטור.

השתחוו לד׳ בהדרת קדש, בוק זיך צו די שעהנקייט פון קדושה. דער גריך אָבער בוקט זיך צו די קדושה פון שעהנקייט, און דערפאַר האָט ער געזעהן ניט קיין פאראייניגטען כח אין דער נאַטור, קיין אחדות אין דער בריאה. אין יעדע נאַ־טור ערשיינונג האָט ער געזעהן אַ באַזונדערע קדושה, אין יעדער כח פון דער נאַטור האָט ער געזעהן אַנאַנדער גאָט, אַ התפוצצות הכחות. און אזוי ווי אַ קינסטלער מאָלט אַ בילד לויט זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט, אזוי זיינען די אַלטע גריכען וועלכע האָבען באַשאַפען אַזאַ באַגריף פון געטער, צו־שפליטערט צווישען זיך. יעדע שטאָט האָט אַ באַזונדער גאָט וועלכער דאַרף קעמפפען מיט׳ן נאָכבאַרשען שטאָאָט׳ס גאָט, און דער רעזולטאַט פון די מלחמות איז געווען דער אונטערגאנג פון גריכענלאַנד אלס פאָליטישע און היסטאָרישע איינהייט. דער איד אָבער האָט געזעהן שעהנקייט און קדושה צוזאמען אין דער גאַנצער נאַטור, אַ וועלט וועלכע קאָנצענטרירט זיך אין אַבסאָלוטען „אחד" איינינקייט, און אויב גאָט איז איין אחד האָט ער ניט מיט וועמען צו קעמפפען פאר אויבערהער־שאַפט, גאָט איז אַ „עושה שלום במרומיו, והוא יעשה שלום עלינו ועל כל ישראל", און דאָ ליגט דער סוד הקיום פון אידען אלעם גאַנצעם, להכעים זייער גלות אין ארבע כנפות הארץ. ער מעג אפילו וואוינען אין אַ סוכה ווי אַ וואַנדערער, די סוכה מעג אפילו זיין „צלתה מרובה מחמתה" מעהר שאָטען ווי זון, אַ דירת ארעי, יעדע לאַנד איז זיין צייטווייליגע היים

אָבער זי איז דאָך באַדעקט מיט סכך וועלכע איז אייביג גרין, פריש און פול מיט לעבען.

קריסטענטום איז אין דעם פּרט ניט ווייט אַוועק פון גריכענטום און האָט גאָט צוטיילט אין דריי חלקים, האָט פּרו־בירט פאַר אידישען דעם גריכענטום אָבער זי איז מיאוס דורכ־געפאַלען, זי איז פאַרקראָכען אין היידנישען מיסטיציזם. אין פּרינציפּ הייסט קריסטענטום זיך אָפּזאָגען פון דער וועלט, זי פּרעדיגט „נירוואַנאַ”, זי האָט געשאַפען קלויסטערליכקייט, נאָנעס, קאַרמעליטען, נזירים, זי געפינט אין מענשען אַ רינ־שטאַק פון זינד און אויסגעלאַסענקייט, אין מדבריות האָבען זיי געזוכט זייער אַסקעטען לעבען צו בילדען, מעלאַנכאַלי, עצבות, איינצאַמען די נאַטור האָבען זיי געוואָלט. און דאָ איז זייער דורכפאַל, דאָס לעבען איז שטאַרקער און פאָדערט זייניגע, און זיי האָבען זיך ארויסגעדרעהט פון דער דיללעמאַ זאָגענדיג אַז סעקסועלישער צוזאַמענלעבען איז אַ נויטווענ־דיגע שלעכטסקייט (נעסעססערי עוויל), און איך האָב גרויסע ספקות אויב זי קען פאַרצאַמען די נאַטור אפילו ביי איהרע אומפאַרהייראַטע פאַרשטעהער. די סקאַנדאַלען הינטער די אייזערנע טויערען פון די קלויסטערס זיינען צו גוט באַ־קאַנט. קריסטענטום פּרעדיגט ”זיך ניט שטעלען געגען שלעכטס” (רעסיסט נאָ עוויל) און שלאָגט דיר יעמאַנד אין דיין רעכטען באַק, שטעל איהם אונטער די לינקע באַק, און נעמט איינער דיין מאַנטעל צו, גיב איהם אויך דיין הוט און שיך. די געשיכטע פון קריסטענטום ווייס אויך צו דער־צעהלען אַ שוידערליכע געשיכטע פון אינקוויזיצעס, בלוט פאַר־גליווערענדע גוואַלטאַטען און רעליגיעזע מלחמות, ניט נאָר אויף פרעמדע נאָר אויך צווישען די פאַרשיעדענע סעקטעס אין קריסטענטום גופא. אידענטום אָבער אַנערקענט די מענש־ליכע שוואַכקייטען אלס אַ פאַקט און רעכענט זיך מיט זיי. אַ איד קען אין אַ מדבר ניט לעבען. דער איד דאַוועט בצבור,

זיין תפלה איז א געזעלשאַפטליכע פונקציע, אל תפרוש מן הצבור. אַ מענש וואָס איז אומפאַרהייראַט רופט ארויס אויף זיך אַ קללה פון גאָט. ניט נאָר דאָס אידענטום האָט ניט פאַר־מיאוס'ט די אינסטיטוציע פון פאַרהייראַטען לעבען, זי האָט עס פאַרהייליגט, זי רופט עס אָן קדושין. אידענטום פאַרמאָגט אַזוי פיעל דינים איבער עסען, טרינקען, הייראַט, מסחר וקנין. אידענטום, מיינט עס, אַנערקענט דעם לעבען און הייסט איהם פאַרהייליגען און פאַרשעהנערען. אַלץ וואָס די תורה הייסט איז, אַז דער מענש זאָל ניט פאַרגעסען „כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם", צו לחם דאַרף אויך זיין דער מוצא פי דבר ד', דאָס גייסטיגע, דאָס געטליכע.

און דאָס איז דער אינהאַלט פון זמן שמחתנו וועלכען מיר פייערען, און דאָס באַדייטען די חז"ל (אין סוכה מ"ה) כל הנוטל לולב באגודו והדס בעבותו מעלה עליו הכתוב כאלו בנה מזבח והקריב עליו קרבן, שנאמר אסרו חג בעבותים עד קרנות המזבח, זאָגט ר' ירמיה כל העושה איסור לחג באכילה ושתיה (כשקורא לחג עונג במאכל ובמשתה — רש"י) מעלה עליו הכתוב כאילו בנה מזבח. דער וואָס נעהמט די ארבעה מינים און פייערט דעם יום טוב מיט עסען און טרינקען ווערט פאַר גאָט פאַררעכענט ווי ער וואָלט מקריב געווען אַ קרבן אויף דעם מזבח. ס'איז אמת אַז ס'איז געווען צייטען ביי אידען וואָס מען האָט געוואָלט מחרים זיין דאָס שעהנהייטס־געפיהל „גזרו על עטרות חתנים ועל עטרות כלות", און כלות זאָלען ניט געהן אונטער דער חופה אין מיט'ן שטאָט (סוטה מ"א). אָבער דאָס זיינען געווען בלויז צייטווייליגע גזרות, צו־ליב פולמוס אַספּסינוס וטיטוס, אלס אויסדרוק פון טרויער אופ'ן חורבן. געווען אויך אַ צייט וואָס די פרושים האָבען געוואָלט אסר'ן פלייש און וויין, נאָר ר' יהושע האָט עס ניט דערלאָזען, ווייל אין גוזרין גזרה על הצבור אלא אם כן רוב הצבור יכולין לעמוד בה. נאָר אלס צייכען פון חורבן

האָט מען אזוי געאָרדענט: סד אדם את ביתו בסיד ומשייר בו דבר מועט, ועושה אדם כל צרכי סעודה ומשייר בה דבר מועט, עושה אשה כל תכשיטיה ומשיירת דבר מועט (ב"ב ס"ט), אידישקייט האָט מנצח געווען פרישות, אידישע רע־ליגאָן ערלויבט ניט דעם פאָלק פייניגען, אין גוזרין...

וזאת תהיה חטאת מצרים וחטאת כל הגוים אשר לא יעלו לחג את חג הסכות (זכריה י"ד) לייענען מיר אין דער היינ־טיגער הפטורה. די זינד פון אלע פעלקער איז ווייל זיי פייערען ניט סכות, ס'פעלט זיי דער „הדרת קדש" די שעהנקייט פון הייליגקייט. זיי קענען ניט נעמען די ארבעה מינים ווייל זיי שטעלען פאָר מיט זיך אַ מענשען, אתרוג דומה ללב, הלולב לשדרה של אדם, הדס — לעין, הערבה — לפה (מדרש אמור) דער אתרוג מיינט די הארץ, דער לולב — דעם רוקען, הדס — די אויג, ערבה — די מויל. די אידישע הארץ איז דער פרי עץ הדר, און אַ מענשהייט אָהן אַ האַרץ, וואָס קען פארגיסען בלוט פון מיליאָנען מענשען אויף שלאַכט פעלדער קען ניט מאַכען אַ ברכה אויפ'ן אתרוג און זאָגען הלל. נאָר דער איד וואָס איז מקריב אין זיין יום טוב זיבעציג קרבנות כנגד שבעים אומות צו פארגעבען אויך זייערע זינד, קען פייערען אַזאַ שעהנעם יום טוב סוכות, ווייל ער איז ניט איינגהערציג, ווייל ער טראַכט אויך פון אנדערע פעלקער וואָס ווילען זיין באגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם, דאן איז ועלו מדי שנה בשנה להשתחות לד' צבאות ולחג את חג הסכות (זכריה י"ד), אָבער ביז יענעם באחרית הימים וועלען זיי מבעט זיין די סוכה, כל אחד מבעט בסכתו ויוצא שנאמר ננתקה את מוסרותימו ונשליכה ממנו עבותימו (ע"ז ג'), מאָראל, עטיק, מוסר, קדושה, אחדות, הדור מצוה זיינען פענטעם פאר זיי און דערפאר אַנטלויפען זיי פון דער סוכה.

צוליעב דעם היסטאָרישען טעם פון „כי בסוכות הושבתי את בני ישראל בצאתם מארץ מצרים", וואָלטען מען סכות

געדארפט פייערען אין פריהלינג, פסח צייט, אבער דאן וואלט די נאטור שעהנקייט פארדונקעלט די יום טוב שעהנקייט, די גרינקייט און פרישקייט פון די סכך און פון די ארבעה מינים מיט׳ן מוסר היהדות וואלטען ניט אזוי בולט ארויסגעשיינט ווי עס איז איצט אין הערבסט פון חג האסיף נאך די הויכע מאראל פון די ימים נוראים.

סכות דריקט אויך אויס דעם באגריף פון בטחון צו גאט „שלש פעמים בשנה יראה כל זכורך את פני האדון ד׳ אלהי ישראל, כי אוריש גוים מפניך והרחבתי את גבולך ולא יחמד איש את ארצך בעלותך לראות את פני ד׳ אלהיך שלש פעמים בשנה״ (שמות ל״ד), דריי מאל יעהרליך איז א חוב פאר אידען עולה רגל זיין אין ירושלים, און דערפאר ביזטו זיכער אז קיין פאלק וועט דיר דיין יום טוב ניט שטע־רען, „מלמד שתהא פרתך רועה באפר ואין חיה מזיקתה, תרנגלתך מנקרת באשפה ואין חולדה מזיקתה (פסחים ח׳) קענסט זיך, איד, געהן קיין ירושלים און גאט וועט שוין זעהן דו זאלסט קיין שאדען ניט האבען. און פון די אלע דריי ימים טובים איז עולה לרגל פלעגט מען אם מעהרסטען געהען אום סכות אין חג האסיף, ווען דער אידישער פארמער האט שוין די תבואה ארונטערגענומען, און לויט היסטאריקער האט דאן ירושלים געהאט מעהר ווי א מיליאן אנגעקומענע געסט וואס עס האט זיך געפאדערט סכות אויפצושטעלען פאר זיי, אלע האבען מפקיר געווען זייערע פעלדער, תבואות, בהמות און עופות, און פול מיט בטחון אין גאט איז מען עולה לרגל גע־ווען אין ירושלים, און די סוכה אליין איז אויך א סימבאל פון בטחון, א דירת עראי, צונויפגעקלאפט פון ברעטלאך אהן א דאך און אהן א פונדאמענט און דער איד זיצט אין סוכה ווי א תושב — כעין תדורו, פול מיט בטחון צו השם יתברך.

די גאנצע וועלט איז פאר׳ן אידען בלויז א דירת עראי אפילו אין אזוינע לענדער וואו דער איד האט זיך שוין איינ־

געבירגעט, זיך אַסימילירט אפילו, און פון אידישקייט זיך כמעט ווי פולשטענדיג זיך אָפּגעזאָגט, אויך דאָרט איז פאר איהם נאָר אַ דירת עראי, אַ צייטווייליגע דירה בלויז פול מיט שפּאַלטען דורך וועלכע בייזע היטלער ווינטען בלאָזען אָהן אויפהער, און צלתה מרובה מחמתה, שטן׳ס מעהר ווי זונענ־שטראלען און דאָך האָט דער איד זיין בטחון אויף גאָט, בויעט ער מיט איין האנד זיין הייליג לאנד ארץ ישראל זיין דירת קבע, און מיר זעהן ווי עס ווערט מקוים זכריה׳ס נבואה „עוד ישבו זקנים וזקנות ברחובות ירושלים... ורחובות העיר ימלאו ילדים וילדות משחקים ברחובותיה (ח׳) צא מדירת עראי ושב בדירת קבע, אמן.

---

# דרוש להזכרת נשמות
## (לשמיני עצרת)

## דו–פרצופים

„כי אראה שמיך מעשה אצבעותיך ירח
וכוכבים אשר כוננת. מה אנוש כי תזכרנו
ובן אדם כי תפקדנו? ותחסרהו מעט מאלהים
וכבוד והדר תעטרהו".
(תהלים ח').

באטראכטענדיג די הימעל, לבנה און שטערן דיין שא־
פונג, וואס פאר א באטרעף האט שוין דער מענש, גאטעניו,
אז דו זאלסט איהם דערמאנען? און דאך האסטו דעם מענ־
שען געטליכעם געגעבן און איהם נאך באצירט מיט פראכט
און גלאנץ.

די שטריכען פון א פאטאגראפישעם בילד זיינען אפ־
הענגיג אן דעם פלאץ וואו דער אפאראט אדער קאמערא
ווערט געשטעלט. דער באגריף „מענש" איז אויך אפהענגיג
אן דער ריכטונג פון וועלכער מיר באטראכטען זיין פערזענ־
ליכקייט. זינט דער מענש האט אנגעהויבען דענקען זוכט ער
זיך זעלבסט צו פארשטעהן. און די פראגע „מה אנוש" וואס
איז דער מענש, איז אזוי אלט ווי די מענשהייט אליין, צוליעב
זיין אלזייטיגקייט איז ער אן און פאר זיך א רעטעניש. נירון
דער רוימישער טיראנישער קיסר איז פאעטיש און מוזיקא־
ליש פון נאטור, זיין נשמה איז עמפינדליך צו העכערע און
שעהנערע שטימונגען אבער ניט צו מענשליכע ליידען, ער
שפילט פידעל בעת רוים ברענט, פארניכטענדיג טויזענדער
מענשליכע לעבענס.

נאטור פארשער דערצעהלען אז אין מעקסיקא ערגעץ

געפינט זיך אַ שבט וואָס ליבט זעהר בלומען, ממש זיי פאַר־געטערען בלומען, ווערענד צו זעהן מענשליכע יסורים אָדער אָפּפערען מענשליכע קרבנות איז ביי זיי אַ גאַנץ געוועהנליכע ערשיינונג.

דער ענגלענדער טאָמאַס קאַרלייל באַהויפּטעט אז דער מענשליכער קערפּער איז דער שעהנסטער טעמפּעל אין׳ם וועלט־אל. ס׳איז קיין הייליגערע זאך ווי דער מענשען גע־שטאַלט, שטעהענדיג און בעאבאַכטענדיג דעם הימעלס רוים ביים טעלעסקאָפּ די הימעלשע קערפּערשאַפטען, איז דער מענש וועלכער שטעהט הינטער דעם טעלעסקאָפּ די שעהנסטע וואונ־דער פון דער בריאה, און לויט אַנדערע ווידער איז דער מענש אַ צוזאַמענשטעלונג פון בעסטיע און טייוועל, ער פאַרמאָגט די גרויזאַמקייט פון אַ היענע און דעם פּחד פון אַ הירש, און דע־ריבער איז זעהר געפעהרליך צו רעפּרעזענטירען דעם מענשען אלס בעסטיע ניט אָנווייזענדיג גלייכצייטיג זיין אינטעלעקטו־עלע און גייסטיגע עמפּינדליכקייט.

אין תורה שבכתב ווי אין תורה שבעל פּה ווערט דייט־ליך אָנגעוויזען די צוויי דייטיגקייט פון דעם מהות מענש. די תורה בעטאָנט: „ויברא אלקים את האדם בצלמו, בצלם אלקים ברא אותו״. ס׳מיינט, דער מענש פאַרמאָגט שכל ווי אַ געטליכע שאַפונג, און דערפאַר האָט איהם גאָט געהייסען באַ־הערשען די ערד מיט אַלעם געשאַפענע אין און אויף דער ערד. צום צווייטען מאל שטעהט שוין ניט „ויברא״ נאָר „ויצר״ אויסגעפורעמט, ווי ס׳ווערט יעדע אנדערע זאך געמאַכט פון קליי, און אין דעם געשאַף האָט ג׳ אריינגעבלאָזען א לע־בענדיגען אָטעם, שוין ניט קיין צלם אלקים, און דער מענש איז געוואָרען אַ „נפש חיה״, פּונקט ווי אלע אנדערע ברואים וועל־כע גאָט האָט געפאָרעמט.

„וייצר ד׳ אלקים את האדם עפר מן האדמה ויפח באפיו נשמת חיים ויהי האדם לנפש חיה״, מיט׳ן אויסדרוק „נפש

חיה״ באַנוצט זיך די תורה אויך ווען ס׳האַנדעלט זיך וועגן דער בעשאַף פון שרצים, תנינים, בהמות און חיות.

אינטערעסאַנט איז אויך צו באַמערקען דאָס די געשיכ־טע פון גן עדן וואו אדם איז אריינגעפיהרט געוואָרען אלעם „גאַרד און אַרבייטער״ לעבדה ולשמרה, און האָט דאָרט דעם גרעסטען דורכפאַל ערליטען און געבראַכט דעם טויט אויף דער וועלט, צוליעב דעם שלאַנג, וואו ס׳זעהט זיך ארוים די ניד־ריגע מענשליכע ווירדע אין באַצוג צו גאָטהייט, באַלד נאָכ־הער פאָלגט א העכערער און מעהר גלאַנציגער באגריף פון דער מענשליכער ווירדע איבער די נאַטור.

און דעריבער זאָגען די חז״ל „מנין שאדם אחד שקול כנגד כל מעשה בראשית, שנאמר, זה ספר תולדות אדם ביום ברא אלהים אדם, בדמות אלהים עשה אותו״ (אבות דר׳ נתן ל״א). די גאַנצע בריאה, דער גאנצער וועלט־אל קאָנצענטרירט זיך אין מענשען. חביב אדם שנברא בצלם, חבה יתרה נודעת לו שנברא בצלם אלהים, דער מענש איז דער באַליעבסטער צווישען אלע געשאַפענע אויף דער וועלט. און די חז״ל באַ־פעסטיגען די אידעע פון דער מענשליכער צוויי דייטיגקייט ווען זיי זאָגען: ששה דברים נאמרו בבני אדם, שלשה כמלאכי השרת ושלשה כבהמה, יש בהם דעת, מהלכים בקומה זקופה מספרים בלשון הקדש כמלאכי השרת, אוכלין ושותין כבהמה, פרין ורבין כבהמה וכו׳ (חגיגה ט״ז) דער מענש איז אַ טייל מלאך אָבער גלייכצייטיג אויך אַ טייל בהמה...

ביי דער פמליה של מעלה האָט זיך אַנטוויקעלט אַ דיסקוסיע איבער׳ן מענשען, זאָגט ר׳ סימון די מלאכים האָבען זיך גרופירט אין כתות און „מהם אומרים: אל יברא, ומהם אומרים: יברא״. די מלאכים וואָס רעפּרעזענטירען „חסד״ און „צדק״ האָבען געהייסען באַשאַפען דעם מענשען ווייל בטבע איז ער אַ רחמן, אַ בעל צדקה, אָבער די מלאכים פון „אמת״ און „שלום״ האָבען פּראָטעסטירט ווייל דער מענש איז

אַ שקרן און אַ קריגער, נעהמט דער כביכול און ווארפט דעם אמת צו דער ערד, „ותשלך אמת ארצה" (דניאל ח׳) און האָט יאָ באַשאַפען דעם מענשען. דאָס ווייזט ווי טיעף די חז"ל האָבען פארשטאַנען די פּסיכאָלאָגיע פון מענשליכען מהות, און ווי סארקאסטיש און סאַטיריש ס׳קלינגט דער געדאנק אַז דעם אמת ניט שלום האָט כביכול געוואָרפען, ווייל דער באַגריף פון שקר איז אַ ריין מענשליכער, ביי נאַטור וועזענס וועט איהר קיין שקר ניט מערקען און ריידענדיג וועגען שקר דערמאָנען מיר זיך יענעם ציור וואָס אַ מאָלער האָט אויף אַ קאנווע אויסגעמאָלען, אַ וויינשטאָק און די צווייגען באַלאָדען מיט זאַפטיגע וויינטרויבען, אַ מענש שטעהט נעבען דעם בוים און היט דעם וויינשטאָק און די וויינטרויבען, פויגלען, באַמערקענדיג ווי נאַטירליך דער בילד איז געמאָלען, נאַטור טריי, זיינען זיי צוגעלאָפען און אָנגעהויבען קלאַפּען מיט די שנאָבלען אויף די וויינטרויבען, ווען מען האָט עס דעם מאָלער דערצעהלט האָט ער געהייסען צורייסען דאָס בילד, ווייל אויב די וויינטרויבען און דער בוים זיינען ריכטיג, ווייל זיי האָבען פארנאַרט די פויגלען איז אָבער דער מענש פאַלש, וואָלט דער מענש נאַטור טריי געווען וואָלטען די פויגלען ניט געוואגט צו קומען צום בוים ווייל פויגלען אַנטלויפען פון מענשען. דיזע ווידערשפּרעכענדע אייגענשאַפטען אין דעם מענשליכען מהות זיינען ענטגעגענגעזעצט איינער געגען אנדערען אין דעם אויבען ציטירטען טעקסט.

אין די דריי פסוקים זעהט זיך בולט דער קאָנטראַסט צווישען מענשליכע קלייניקייטען און גרויסקייטען. אין פארגלייך מיט׳ן אין סוף, מיט דער אונענדליכקייט פון דער בריאה, איז דער מענש בלויז אַ שאָטען פון אַ פארביי פליהענדער פליג. און דער זעלבער משורר זינגט טרויעריג אין אַן אַנדער אָרט: „ד׳ מה אדם ותדעהו בן אנוש ותחשבהו, אדם להבל דמה, ימיו כצל עובר". דער מענש אַן און פאר זיך האָט קיין בעדייטונג,

ער איז אונטערוואָרפען די נאַטור כחות, א לאווא פון אַ וואול־קאַן פארוויסט שטעט און דערפער, די ערד גיט זיך אַ טריי־סעל און טויזענטער אומשולדיגע נפשות געפינען זייער קבר אין דער ערד׳ס בויך. א מגפה אַז עס ברעכט אויס, א פאר־פלייצונג אז עס רייסט אוים ווערען מיליאָנען מענשען פאר־ניכטעט, וואָס פאר אַ ווערטה האָט דער מענש, זיין פרייהייט איז ווי א פויגעל׳ס פרייהייט וועלכע איז אָנגעבונדען מיט אַ לאַנגען שטריק, איז אזוי שנעל ווי די פויגעל הויבט אָן באַוועגען איהרע פליגעל, אזוי גלייך דערפיהלט זי איהר גע־פאנגענשאַפט. זיינען מיר ניט אזוי ווי די געפאנגענע פוי־געל? „כי גם לא ידע האדם את עתו כדגים שנאחזים במצודה רעה וכצפרים הנאחזות בפח כהם יוקשים בני האדם״ ווי פיש שווימען פריי ארום, אפילו ווען זיי זיינען געפאנגען אין נעץ, ניט פארשטעהענדיג אז ס׳מיינט פאר זיי דער טויט, אָדער ווי פויגלען וואָס זינגען און פליהען אין דער שעהנער פרייער נאַטור, ניט פיהלענדיג אַז דער יעגער פארשפרייט זיין נעץ, אַזוי ווערען אויך מענשען פלוצלונג געשטרויכעלט, אין מיטען לעבען און האָפען, אין מיטען שמחת החג, אַ יום טוב וועלכע די תורה זאָגט אָן „ושמחת בחגיך״, און פלוצים דער יאָמער־ליכער אויסגעשריי „יזכור אלקים נשמת אבי מורי ואמי מורתי״. איך זעה דאָ זיהן און טעכטער פאַרגיסענדיג טרעהרען ווען זיי דערמאָנען זייער פאָטער, מוטער און אנדערע וועלכע זיינען פלוצלונג אָפגעריסען געוואָרען פון זיי. אין דער צייט ווען טאַטע און מאַמע האָבען נאָך געדארפט זיין מיט זיי, זיי האָ־בען נאָך ניט דערגרייכט דעם עלטער פון „ימי שנותינו בהם שבעים שנה״. איך זעה עלטערען וועמעס יזכור ס׳רייסט די האַרץ, זיי דערמאָנען יונגע פויגעלאך וועלכע זיינען געפאנ־גען געוואָרען פון זייער נעסט דורך דעם גרויזאַמען יעגער, דער טויט... „יזכור אלקים את נשמת בני״, אָדער „בתי״, אומ־שולדיגע נשמות׳לאך. מה אנוש — וואָס פאַר אַ ווערט האָט

דער מענש? „אדם יסודו מעפר וסופו לעפר", זיין ענד פונקט ווי זיין געבורט איז אַ טיפער קרעכץ, און די שטימע פון טויט איז איינע פון די דריי וואָס הילכען אָפּ פון איין עק וועלט ביז'ן צווייטען „מסוף העולם ועד סופו" (יומא כ׳) ניט נאָר דער טויט נאָר אפילו דער לעבען אליין איז אזוי שמערצליך, מען דאַרף זיך נאָך גוט אָנליידען ביז מען קומט צום קבר. „אדם ילוד אשה קצר ימים ושבע רגז", קלאָגט איוב, און אין זיין בי־טערליכען פּראָטעסט שרייט ער אוים: מה אנוש כי תגדלנו וכי תשים אליו לבך ותפקדהו לבקרים, לרגעים תבחננו, כמה לא תשעה נפשי ממני ולא תרפני עד בלעי רקי (איוב ז׳) אָה, גאָט, קוק מיר אזוי ניט נאָך, לאָז מיר זיך עטוואָס באַרוהיגען פון דיין עינא פקיחא, און אין דיזען שאַרפען פּראָטעסט הערט זיך דער אָפּקלאַנג פון דעם ליידענדען מענשען וואָס ער מאַכט מיט זיין גאַנצען לעבענס פעריאָד.

און דער משורר דערמאָנט זיך אז דער מענש איז בע־שאַפען געוואָרען אין גאָט'ס געשטאַלט, ווי גרויס און שטאַרק די נאַטור און איהרע פּאַסירונגען זאָלען ניט זיין, זיינען זיי דאָך קליין און שוואַך אין פאַרגלייך מיט די העכערע מענשליכע אייגענשאַפטען. דער מענש איז אַ בעל שכל, אַ בעל רגש, ער דענקט, טראַכט און פיהלט, ער דינט גאָט, און זינדיגט אויך, ער איז עטוואָס קלענער פון גאָט „ותחסרהו מעט מאלהים", און איז געקרוינט מיט כבוד און גלאַנץ. „כל שתה תחת רגליו", ער איז ניט א ערשיינונג, אַ פענאָמענאָן צווישען די איבריגע נאַטור ערשיינונגען. איין מענשליכע נשמה איז וויכ־טיגער פון מיליאַרדען וועלטען, שטערן און זונען־סיסטעמען. דער מענש איז ניט נאָר אַ שרייפעל אין אַ מעכאַנישע וועלט, נאָר אַ צאָן אין א גרויסען ראָד אָדער אַ שרייפעל אין אַ מאַשין ווי די פיזיקער בעהויפּטען, ער איז ניט אַ רעזולטאַט פון דער בלינדער נאַטור און זיין שכל זאָל זיין בלויז אַ ענטוויקלונג פון זיינע טירישע אורעלטערען ווי דאַרווין לערענט, ער איז

אויך ניט, דער מענש, אַ צוויי פיסיגע חיה, א מאמאל, אָדער א צוזאמענשטעל פון צעללען, אטאמען, און מאלעקולען ווי די ביאָלאָגער בעהויפּטען. ווען עס וואָלט געווען אזוי, וואָלט אזא זאַך ווי ציוויליזאַציע, געשאַפען פון מענשליכען מח, געווען אוממעגליך, קען אַ מעכאַנישע זאך דורך דרינגען צום צענטער פון דעם אין סוף ווי דער אסטראנאם וועלכער דרינגט דורך מיט זיין אויג די ווייטקייטען פון צוויי הונדערט טויזענד ליכט יאָהרען אין דער מולך סטראַססע פון וועלכע אונזער זונען סיסטעם איז נאָר אַ טייל, און דורך די נעבענדיגע וועלטען וועלכע ער דרינגט דורך אַ ווייטקייט פון אַ מיליאָן ליכט יאָהרען נעמענדיג אין באַטראַכט, ס׳ליכט פליהט מיט דער שנעלקייט פון הונדערט זעקס און אַכציג טויזענד מייל אַ סע־קונדע? וואָלט אַ מעכאַניקער שרייפּעל געקענט אויסרעכע־נען דעם גאַנג פון די הימעלשע קערפּער און אזוי פּינקטליך פּאָראויס זאָגען לקוי חמה און לקוי לבנה.

מיר זעהען פאר אונזערע אויגען די וואונדער פון מענש־ליכער גאונות, ראדיא, טעלעוויזשאָן, לופט פליהעריי, דאָס אַלעס רעזיומירט מענשליכע עררייכונגען. עס עקזעסטירט א פונדאַמענטאַלער אונטערשיעד צווישען מענש און מאמאל. אַ מאָנקי בלייבט אַ מאָנקי, אָבער אַ מענש קען ווערען אַ סקאָנק אָדער א הייליגער. קיין נאַטור ערשיינונג לערנט פון עבר, פון ערפארענהייט און פּאָראויסזאָגען דעם עתיד ווי דער מענש. דער מענש איז די איינציגע בריאה וואָס פארמאָגט שפּראַך. ווען דער מענש וואָלט אן „אויטאמאט”, אַ גולם זיין ווי אנ־דערע בעהויפּטען וואָלטען אזוינע באגריפען ווי „עס דאַרף, עס מוז, און עס זאָל זיין” געווען אַ אוממעגליכקייט. דער מענש איז קיין צופאל זאָגט דער בחיי בן פקודי, דער אידישער פי־לאָזאָף פון מיטעלאַלטער, העברי בערגסאָן, דער מאָדערנער אי־דישער פילאָזאָף שאַפט זיין פילאָזאָפי פון עוואָלוציע „קרעאַטיוו עוואָלושאָן” וועלכע לערענט אונז צו זעהן אין דער וועלט אַ ביה־

נע און מאַטעריאַל פאַר אונזער אייגענע שעפערישער קראַפט. אין דער געשיכטע פון שאַפונגען, שרייבען מיר, מענשען, אונזער אייגענע דראמע. דער מענש איז אַ „סלם מצב ארצה וראשו מגיע השמימה" מיט די פיס אויף דער ערד, אָבער מיט'ן קאָפּ גרייכט ער אין הימלען. דער מענש איז אומשטערבליך, ווייל דער טויט איז נאָך ניט די ענדע, אומשטערבליכקייט איז די איינציגע ווירקליכקייט אין מענשען, אין אלע דורות הערשט אַ געפיהל פון אייביגקייט, דעם מענשענס אומשטערבליכקייט איז געווען דער שעהנסטער מאָטיוו, סטימולירענדיג צו טאָן זאכען וועלכע זאָלען איהם פאראייביגען. אויב דער מענש איז ניט קיין גאָט, נאָר עטוואָס קלענער, אויב ער איז געשטאַלטעט אין גאָט'ס געשטאַלט איז ער אונשטערבליך ווי געטליכקייט, און די אומשטערבליכקייט ווענדעט זיך אָן אונזער אַרט לעבען. מיר קענען זיך פאראייביגען ווען מיר זאָלען נאָר וועלען. דער פאַקט איז אז מיר זאָגען קדיש, מזכיר נשמות, הייסט עס, אז יענע נשמות זיינען נאָך ניט טויט, מיר פאראייביגען זיך דורך אונזערע קינדער. „נסתכל (דוד) ביום המיתה ואמר שירה" (ברכות י') ניט נאָר דוד האָט זיך פאַר'ן טויט ניט געשראָקען נאָר האָט נאָך שירה געזאָגט, ווייל ער האָט געלאָזען אַ זוהן שלמה וועלכער זאָל איהם ירש'ענען, „דוד שהניח בן כמותו נאמר בו שכיבה — וישכב דוד, יואב שלא הניח בן כמותו, נאמר בו מיתה — וימת יואב", דוד מלך ישראל חי וקים. ער האָט אין זיין זוהן געלעבט, זיין זוהן האָט פאָרטגעזעצט זיין פאָטערס אידעען. יואב האָט ניט געלאָזען ווער ס'זאָל איהם נאָכפאָלגען הייסט ער „טויט". „יעקב אבינו לא מת" — יעקב איז ניט געשטאָרבען, פרעגט זיך וכי בכדי ספדו ספדיה וחנטו חנטיא וקברו קבריא, שטעהט דען ניט בפירוש אין דער תורה אז מען האָט יעקב'ן באַקלאָגט, באַלזאַמירט און מקבר געווען? דער ענטפער איז אָבער „מה זרעו בחיים

אף הוא בחיים״ יעקב לעבט אין זיינע קינדער, כל זמן אַ איד איז דאָ אויף דער וועלט איז יעקב ניט טויט.

יזכור — — און מיר פאראייביגען אונזערע טאַטעס, מאַמעס וועמעס נשמות מיר דערמאָנען היינט, אַזוי לאנג עס וועט נאָך זיין אַ שוהל ביי אידען און קינדער וועלען קומען זאָגען יזכור, זיינען נאָך אונזערע עלטערען ניט טויט, זייערע גוּטע אידישע שאַפונגען ביי זייער לעבען ווירקען אויף אונז, און מיר פיהלען עס, די פראגע איז נאָר צו וועלען אונזערע קינדער זעהן אז מיר זאָלען לעבען אין זיי, וועלען זיי קומען זאָגען יזכור? און וועלען זיי יזכור זאָגען, איז ווידער די פראגע, אן וואָס וועלען זיי אונז דערמאָנען, וועלכע תורה, וועלכע אידישקייט וועט אונז באַשיצען פון ניט פארגעסען צו ווערען? עס ליגט אין אונזער הענט אונז זיך אומשטערבליך צו מאַכען, אויב מיר וועלען אָנהאַלטען אידישקייט. די שוהל און די אידישע היים, „מה אנוש כי תזכרנו״, וואָס מיינט פאר׳ן מענשען אייביגקייט? דער ענטפער איז — אומשטערבליכקייט, און דאָס ליגט אין אונזערע אייגענע הענד.

---

# דרוש לחנוכה

## אַגרעסיווע אידישקייט

על הנסים ועל הפרקן ועל הגבורות ועל התשועות ועל המלחמות שעשית לאבותינו בימים ההם בזמן הזה.

אַז אידען זאָלען לויבען השי"ת פאר מלחמות איז אַ נייעס. מיר זיינען דאָך צופיעל צוגעוואוינט צו נשמה זאַכען, די נשמה פארנעמט א גרויסען חלק אין אידענטום, אָבער דער קערפער ווערט אויך ניט פאַרנאַכלעסיגט, עדות זיינען די אלע דינים וואָס האָבען צו טאָן מיט'ן עסען, טרינקען און קערפער־ליכע ריינקייט. היסטאָריקער דערצהעלען אַז אין מיטעלאַל־טער זיינען די קריסטען אין פארגלייך מיט די אידען געווען פשוט שמוציג און קערפערליכע שוואַכלינגע, דער איד איז גע־גאַנגען פיעל ריינער און געווען אַ סך געזינטער ווי דער דורכ־שניטליכער ניט איד. דאָס ערקלערט אויף אַ נאַטירליכען אופן די פארשיעדענע מגפות און שוואַרצע פעסטען וועלכע האָט כמעט ענטפעלקערט די קריסטליכע אייראפא און האָט וועניג באַרירט די אידישע באַפעלקערונג, און ס'האָט זיך אויסגעלאָ־זען מיט בלבולים אויף אידען. אַ איד בעט אויף „חלוץ עצמות" מיט'ן זעלבען אָטעם צוג ווי ער איז מתפלל אויף חיים של אהבת תורה ויראת שמים.

אפיאָן דער אַנטיסעמיט באַשולדיגט די אידען אין זייענדיג פיזיש שוועכלינגע ווייל זייער מאָראל איז די מאָ־ראַל פון די שוואַכע, פון מענשען וואָס קניען און בוקען זיך, די מאָראַל און די עטיק פון רחמנות און צדקה איז אַ קרענק־

ליבע מאָראל, דאָס רופט זיך לעבליך, ניט קאַלט און ניט וואַ־רעם. ער עקזאַלטירט אין די רוימישע מאַכט וועלכע איז די מאָראל פון אַ געזונטען אינסטינקט. אָבער ער האָט אַ טעות געהאַט. אידענטום איז ניט די מאָראל פון שוואַכלינגע. פאַר־גלייכט נאָר דעם תנ"ך מיט'ן, להבדיל, דעם נייעם טעסטאַמענט, זעהט זיך בולט ארוים די שטאַרקע און געזונטע מאָראל פון ערשטען און דאָס שוואַכקייט פון צווייטען. די ערשטע איז די מאָראל פון די נביאים, וועלכע האָבען די יניקה געצויגען פון אַ לעבעדיג פאָלק, אַ משה, יהושע, שמשון, שאול, דוד, אחאב, עמרי א. אז. וו. די צווייטע איז שוין אַ גלות'דיקע מאָראל פון אַ אידען וועלכער האָט זיין יניקה געצויגען פון מענשען וועלכע האָבען אויסגעמידען דעם לעבען, פון די אסיים.

צווישען די נעמען „יעקב" און „ישראל", וואָלט איך דעם פאַרצוג געבען צו ישראל. עפּעס קלינגט דער נאָמען מעכ־טיג „כי שרית עם אלהים ועם אנשים ותוכל". די חז"ל וואַר־שיינליך איז אויך ניט געפעלען יעקב'ס צופיעל הכנעה אין קניען זיך פאַר זיין „ברודער" עשו. באותה שעה שקרא יעקב לעשו אדון א"ל הקב"ה אתה שהפלת את עצמך לפני אחיך וקראת אותו אדון שמונה פעמים, גאָט האָט יעקב'ן פאַרגע־האַלטען פאַר זיין הכנעה'דיגע שטעלונג צו עשו'ן, איהם אָנ־רופען „האַר".

און לאָמיר אייך אַ סוד דערצעהלען, אז איך האָב זעהר פיעל הנאה געהאַט פון די קלעפּ וואָס דער אידישער שווער־געוויכטיגער טשעמפּיאָן מאַקס בייער האָט אריינגעלייגט אין דעם אַריער מאַקס שמעלינג, פיעל מעהר ווי פון די קאַארדינאַ־טען פון אונזער גאון איינשטיין, הלואי וואָלטען מיר אידען האָבען אַ סך אַזוינע גאונים פון פויסט, און דער רוימער וואָלט געהאַט דרך ארץ פאַר דעם יהודי.

און דערפאַר ליעב איך דעם יום טוב חנוכה. עס איז פּשוט אַ מחיה צו זעהן אָדער צו דענקען פון א אידען וועלכער

האַלט אַ שווערד אין האַנט, און וואַרפט אַן אימה אויף שונאים, וועלכער ווייס ווי זיך צו פאַרטיידיגען און קען געבען אַ קלאַפּ פאַר אַ קלאַפּ, קען נעהמען אַ צאָהן פאַר אַ צאָהן, אַן אויג פאַר אַן אויג און אַ נפש פאַר אַ נפש — אַ שאָד בלויז, וואָס די חז״ל האָבען עס איינגעטייטשט „ממון״, מיר דאַכט זיך אַז דער מקור, דער פשוט׳ער פשט איז געזינטער און ערענהאַפ־טער. משה רבנו האָט געזעהן ווי אַ מצרי שלאָגט אַ אידען, משה, דער ריזען גייסט, לערענט קיין פשטים ניט, ער פאַר־קאַשערט די אַרבעל און דערלאַנגט געזונטע קלעפּ, „ויך את המצרי״. דער מצרי וואָלט שוין פאַרזאָגט אַ צעהנטען ניט צו טשעפּען אַ אידען. ס׳איז אויך אַ שאָד וואָס די חז״ל דער־מאָנען ווייניג פון די מלחמות פון די חשמונאים, און האָבען ניט געשאַפען קיין דינים, וועלכע זאָלען בולט ארויסברייינגען דעם טייל פון חנוכה וואָס האָט צו טאָהן מיט מלחמה.

דער פך השמן איז טאַקע געווען אַ גרויסער נס און ס׳האָט אַ גייסטיגע ווערטה, אָבער „אין סומכין על הנס״ — אַ איד טאָר זיך ניט צופיעל פאַרלאָזען אויף נסים, ווייל אַ פאָר געזונטע מוסקולען זיינען אויך וויכטיג, און אין דעם אַלטען מתתיהו מיט זיין זוהן יהודה, בעוואונדער איך ניט נאָר דעם טייל פון כהונה אין זיי, דעם געטליכען טייל, נאָר אויך דעם רוף צום שווערד: „מי לד׳ אלי, חזק ונתחזקה בעד עמנו ובעד ארצנו״. — האָט דען ניט רבי עקיבא געשטיצט דעם אידישען העלד בר כוכבא? און אויף רבי עקיבא׳ן זאָגט די אידישע טראַדיציע דאָס ווען די תורה וואָלט ניט געגעבען געוואָרען צו משה׳ן, וואָלט רבי עקיבא געווען ראוי דערצו. די נעמען פון יהודה המכב״י און בר כוכבא קלינגען אזוי העלדיש, בראַוו און מוטהיג! העלדענטאַט מיינט ניט דוקא צו באַזיגען — אַ דורכפאַל איז אויך אַמאָל אַ נצחון — אלכסנדר מוקדון און נאַפּאָלעאָן בלייבען די זעלבע העלדען־גייסטער טראָץ זייערע דורכפאַלען, איין העלד פאַלט, קומט גלייך איין

אַנדערער פאַרנעהמען זיין פּלאַץ, חנוכה איז אָבער הויפּט־זעכליך וויכטיג דערמיט, וואָס העלדענטהאַט איז געקרוינט געוואָרען מיט נצחון. —

זעלבסטפאַרשטענדליך מיינען מיר ניט דערמיט צו גלאָריפיצירען מלחמה. אַפּעלירען פאַר מלחמה אין נאָמען פון גוטע אורזאַכען ווי צו באַשיצען די שוואַכע און הילפלאָזע איז פּונקט אַזוי נוצלאָז ווי עס איז ברוטאל, ווען מיר נעהמען אין אַנבעטראַכט די שרעקליכע סטאַטיסטיק פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, — אַ מאָדערנע מלחמה אונטערען אויסרייד צו באַשיצען די שוואַכע — איז אַזוי לעכערליך ווי עס איז טראַגיש. אָט לאָמיר זעהן וואָס די לעצטע וועלט מלחמה האָט אויפגעטאָן, כלומר׳שט אין נאָמען „צו באַשיצען”:

צעהן מיליאָן גע׳הרג׳עטע סאָלדאַטען, באַשטעטיגט פון דער סטאַטיסטיק; מען איז זיך משער דאָס ארום דריי מיליאָן סאָלדאַטען מעהר זיינען אומגעקומען. דרייצעהן מיליאָן גע׳הרג׳טע ציווילע בירגער. צוואַנציג מיליאָן פאַרוואונדעטע. דריי מילאָן געפאַנגענע, ניין מיליאָן מלחמה יתומים. פינף מילאָן מלחמה אלמנות. צעהן מיליאָן אַנטלאָפענע (רעפיודזשים) און היימלאָזע. אַ קיימא לן פון נאָהענט צו פינף און אַכציג מיליאָן מענשליכע טראַגעדיעס. אַ מלחמה אָהן אַ נצחון, וואו קיינער האָט געזיעגט און ווען מיר דענקען פון אַזאַ סאָרט אונבאַצאָהלטע העלדענאַט און אַזעלכע געפאַלענע גבורים, שרייט ארויס פון הארצען דער ביבלישער ווידער קלאַנג; ״איך נפלו גבורים”! —

אין ירושלים, אין דער רעגירונגס געביידע וועלכע איז יעצט פאַרנומען פון דער בריטישער מאַכט, אָבער וועלכע איז לכתחילה געוועזן געבויט פון קייזער ווילהעלם — דער קריגס הער, אלס זיין אָריענטאַלישער פּאַלאַץ, זעהט זיך בולט ארויס דער קריגס גייסט פון דייטשלאַנד. ווען ווילהעלם האָט געבויט אָט דעם פּאַלאַץ, האָט ער אָהן צווייפעל געטראַכט פון

אָפטע באַזוכען אין ירושלים, פון וועלכער ער האָט געקלערט דורכצוברעכען „אַ פענסטער" פון וואַנען ער זאָל ארויסקוקען אויף אונטערדריקטע קעניגרייכען אין מזרח. אויף די ווענט פון דער קליינע קירכע אין פּאַלאַץ, אזוי ווערט באַשריבען, זיינען אויסגעמאָלען פארשיעדענע בילדער און סצענעס פון א רעליגיעזען כאַראַקטער. אין צענטער פון סופיט איז געמאָלען דער בילד פון'ם נוצרי, אָבער גלייך דערביי זיינען אויך אויסגעמאָלען די פּאָרטרעטען פון דעם קייזער און קייזערין אלס סימבאָל פון וועלט מאַכט. אָבער וואָס פאר אַ געלעכטער און חוזק עס רופען ארוים דיזע צוויי חוצפּה'דיגע סימבאָלען. סימבאָלען פון ברוטאַלע הערשאַפט, פון בלוט פארגיסונג און אַ וועלט-טראַגעדיע פון וועלכער די מענשהייט וועט נאָך האָבען צו ליידען אויף צעהנדליגער דורות.

אָבער עס גיבען פעלע ווען מלחמה איז ניט נאָר באַרעכטיגט ,נאָר אויך ווינשענסווערטה. מיר זיינען איבערצייגט, דאָס אַ מלחמה אויף היטלער'ם לאַנד, למשל, וואָלט געראַטעוועט די וועלט פון דער גרעסטער סכנה וועלכע דראָהט די מענשהייט, פון אַ צוריקקעהר צום מיטעלאַלטערליכען פינסטערען בארבאריזם, צום טיטאַן און וואַטאַן. אויך די אידען האָבען מלחמה געהאַלטען מיט געצען-דינערישע פעלקער. אַ מלחמה געגען היטלער'ן וואָלט געהייסען אַ מלחמת מצוה. אין אַ מלחמת מצוה האָט דער מלך ישראל ניט געדארפט געהמען קיין רשות — ערלויבניש פון סנהדרין. דאָס וואָלט געהייסען אַ הייליגע מלחמה.

לכל זמן ועת לכל חפץ תחת השמים — עת להרוג ועת לרפוא, עת מלחמה ועת שלום, עס איז דאָ צייט אויף אלעס, אַ צייט ווען צו טויטען איז אזוי בערעכטיגט ווי צו היילען, אַ צייט ווען מלחמה איז אַזוי ראַטזאַם ווי שלום. אַ שלאַנג איז אַ מצוה צו טויטען, רצוץ את מחו. אין אזוינע פעלע איז רחמנות — אכזריות, און טאַקע די מאָראַל פון שוואַכלינגע און

קרענקליכע, דאָס איז די מאָראַל פון אייביגען מאַרטירער, פון דעם וועלכער זאָגט „את גוי נתת למכים ולחיי למורטים" — צו געבען מיין קערפער צו שלעגערס און מיינע באַקען צו פלי־קער, דאָס איז ניט מאַרטירערטום. אַ מאַרטירער איז דער יעני־גער וועלכער — ווען זיין לאנד, זיין לעבען, זיין נשמה, רעליגיאָן און אידעען ווערען אַטאַקירט און זיינען אין סכנה — נעהמט אַ שווערד אין האַנט און געהט אין שלאַכט גרייט צו פאַרלירען זיין לעבען ווען נויטיג, דאָס איז באַוואוסטזיניגע העלדענמוטה, באַוואוסטזיניגער מאַרטירערטום. און דאָס האָבען געטאָן די חשמונאים, די „מכבי"ם" — די העלדען מיט אַ האַמער אין האַנט. דאָס אידישע פאָלק וואָלט אפשר ניט געווען אין אַזאַ קלעגליכע לאַגע, ווען אַנשטאַט אַ פאַסיווע מאַרטירער רע־ליגאָן, וואָלטען אידען געווען אַ קעמפּפענדעס, אַגרעסיוו פאָלק. פאַרפאַלען, צוזאמען מיט דעם „ספר" איז אויך אַרונטער דער „סיף", און דער ספר מיט דעם סיף, דער בוך און דער שווערד, זיינען ביידע אַרונטער פון הימעל צוזאמען איינגעוויקעלט

דער וואָרט „מיסיאָנער" קלינגט עקעלהאַפט און מיאוס, עס דערמאַנט אָן פאַרקויפטע צבוע'קישע נשמות אין קריס־טענטום, און הגם מיר אידען וואָלטען אזוינע נשמות ניט דול־דען, דאָס יודענטום וואָלט זיי אויסגעשפיגען, אָבער ווארום זאָל די אידישע רעליגיאָן אלע מאָל זיין אזוי צוריקגעהאַלטען, אַ נחבא אל הכלים. שוין צייט צו זיין אגרעסיוו. פיליכט האָט דער בעל המאמר פון „קשים גרים לישראל כספחת", געהאַט געוויסע אורזאכען אזוי צו גלויבען, פיליכט האָט די פער־יאָדע אין וועלכער ער האָט געלעבט — געהאַט צו טאָהן דערמיט, ווען ער האָט ארויסגעבראַכט דעם אורטייל דאָס גרים זיינען אזוי אומגעזונד פאַר ישראל ווי קרעץ. נאָר אין אלגעמיין איז יודענטום ניט נאָר דאגעגען, נאָר פאַררעכענט עס אלס א גרויסע מצוה אריינצוברייגגען גרים אין אידענטום. — „גלו ישראל כדי שיתוספו עליהם גרים" (פסחים פ"ז ע"ב),

אידען זיינען פארטריבען געוואָרען אין גלות אום זיי זאָלען קומען אין באריהרונג מיט אַנדערע פעלקער, כדי זיי זאָלען צוקריגען גרים פון זיי. שמעיה און אבטליון זיינען געווען גרים (גיטין ע״ז ע״ב) גרים ווערען עיקר כישראל, זיי ווערען פאר־רעכענט אלס אמת׳ע אידען אין אלע פרטים (מדרש רבה נשא פ״ח).

אויף דעם פסוק: „בית אהרן ברכו את ה׳ בית הלוי ברכו את ה׳, יראי ה׳ ברכו את ה׳״ (תהלים ק׳) דריקט דער מדרש אוים פאָלגענדען טיפען געדאַנק און שעהנעם משל: „אם מבקש אדם להיות כהן, אינו יכול, להיות לוי — אינו יכול, למה — שלא היה אביו לא כהן ולא לוי, אבל אם מבקש אדם להיות צדיק, אפילו גוי יכול הוא שאינו בית אב, לכך הוא אומר יראי ה׳ ברכו את ה׳ — בית יראי ה׳ לא נאמר אלא יראי ה׳ — אינו בית אב״ (מדרש הנ״ל). אַ ניט געבאָרענער כהן אָדער לוי קענען קיינמאָל ניט ווערען אַ כהן אָדער אַ לוי, ווייל ביי זיי איז ניטאָ קיין „בית אבות״, אָבער ווען אַ מענש זאָל וועלען ווערען אַ צדיק, אפילו ווען ער איז א גוי, קען ער דאָס גרינג ווערען, ווייל עס שטעהט ניט „בית יראי ה׳״ אַ הויז פון גאָטספאָרכטיגע, נאָר פשוט — „גאָטספאָרכטיגע״, וואָס מיינט אַז אַלע קענען ווערען גאָטספאָרכטיגע — לפיכך הקב״ה אוהבם — דערפאר האָט זיי גאָט ליעב — ה׳ אוהב צדיקים, ה׳ אוהב את גרים. צו וואָס איז אַ גר געגליכען? — צו אַ מלך וואָס האָט געהאַט אַ סטאַדע שעפסען, וועלכע פלעגען טעגליך ארויסגעהן אין דער פריה צום פעלד אויף פאַשע, און פאַרנאַכט זיך צוריקקעהרען. האָט עס פאַסירט דאָס אַ הירש האָט זיך באַהעפט צו די שעפסען און האָט זיך געפיטערט גלייך מיט זיי, פלעגט ארויסגעהן און זיך אומקעהרען מיט זיי. ווען מען האָט עס דערצעהלט דעם מלך, האָט עס איהם הנאה געטאָהן, און ער האָט באַשטימט פאר׳ן הירש אַ ספּעציעלען גוטען פאַסטוך, וועלכער זאָל אויף איהם גוט אַכטונג געבען

אין פעלד און אין שטאַל דאָס קיינער זאָל איהם שלאָגען, און מען זאָל איהם געבען צו טרינקען, ווייל ער האָט איהם זעהר ליעב געהאַט. ווען מען האָט דעם מלך געפרעגט, האַר, האָסטו דען ווייניג שעפּסען, ציגען און בעק — וואָרום מאַכסטו איין אויסנאַמע מיט דעם הירש? — האָט ער זיי געענטפערט — פאַרשטעהט איהר מיך, די שעפּסען זיינען אַזוי איינגעוואוינט צו געהן אין דער פריה אין פעלד און זיך אומצוקעהרען פאַר־נאַכט אַ היים. אָבער דער הירש איז איינגעוואוינט צו דעם גרויסען פרייען מדבר, דאַרפען מיר דען ניט זיין דאַנקבאַר צום הירש וואָס האָט פאַרלאָזען די פרייהייט פון גרויסען מדבר וואו ער לעבט אונגעצאַמט, און האָט איינגעוויליגט זיך אָנצו־שליסען אָן מיינע שאָף? כך, אזוי דאַרפען מיר דאַנקבאַר זיין צום גר וואָס האָט פאַרלאָזען זיין פאַמיליע, זיין פאָלק, און די אומות העולם, און ער איז געקומען צו אונז. דערפאַר האָט גאָט פאַרזאָגט אין פיעלע פּלעצער וועגען שמירה צו גרים (מדרש הנ״ל).

שוין צייט דאָס יודענטום זאָל ווערען אַגרעסיוו, מי־ליטאַנט. און ווען מיר זאָגען דאָס, מיינען מיר ניט רעליגיע־זען קריעג, געצוואונגענע באַקעהרונג צום אידענטום מיט אַ שווערד אין האַנט, נאַר ארויסקריכען פון דער אייגענער שאַ־לעכץ, פון דער אייגענער איינגעשלאָסענהייט און אויסגעשלאָ־סענהייט, און פאַרשפּרייטען אידענטום, פּראָפּאַגאַנדירען די אידישע רעליגיאָן צו דער אויסערליכער וועלט, צו שאַפען אמת׳ע איבערצייגטע גרים. דער שווערד איז באַרעכטיגט נאַר אין דעם איינעם פאַל ווען איך בין אַטאַקירט, „הבא להרגך השכם להרגו״, חייך קודמים לחיי כל אדם — אין קישינעוו איז געווען איין איינזייטיגער פּאָגראָם, מען האָט געשאָכטען אידען, אידען האָבען ניט געשטאָכען צוריק, אידען זיינען גע־שלעפּט געוואָרען ווי שעפּסען צום שלאַכט — כצאן לטבח יובל, וואָס פאר אַ טראַגעדיע דאָס שטעלט מיט זיך פאָר.

דערפאַר אָבער אין ארץ ישראל, אין דער צייט פון די אראַבי־שע פּאָגראָמען אויף אידען אין אויגוסט 1929, איז שוין ניט גע־ווען קיין איינזייטיגער פּאָגראָם, אמת, די געגען אַטאַקע פון די אידען איז געווען שוואַכער אָרגאַניזירט ווי עס האָט ווירקליך געדאַרפט צו זיין, אָבער דער ארץ ישראל׳דיגער איד, דער חלוץ, האָט געצאָהלט מיט דער זעלבער מאָס, געגעבען קלעפּ פאַר קלעפּ און גענומען לעבען פאַר לעבען. דאָס איז דער איד מיט דעם האַמער און שווערד פון יהודה המכב״י אין האַנט. ווי טראַגיש דער פאַל זאָל ניט האָבען געווען, האָט ער דאָך געהאַט ערפרעהענדע און ערמוטהיגענדע אינצידענטען. דאָס איז געווען צום ערשטען מאָל אין דער אידישער געשיכטע זייט די חשמונאים, ווען דער איד האָט געקעמפפט ניט נאָר מיט ליכטלאַך אליין, ניט נאָר מיט דער מנורה, וועלכע איז טאַקע קודש, אָבער מיט וועלכער מען טאָר זיך ניט בענוצען — ואין לנו רשות להשתמש בהם — נאָר מיט פּשוט׳ע ווירקזאַמע וואַפען.

אידענטום — אזוי ווי אַנדערע פעלקער און רעליגיאָ־נען — דאַרף און מוז האָבען איהרע אייגענע מוטהיגע העלדען. עס האָט געשאַפען די מכבי״ם, און עס טאָר ניט אויפהערען שאַפען מענער וועלכע זיינען העלדיש, מוטהיג, און קאַמפּפס־לוסטיג פאַר׳ן פאָלק און זיין גאָט, מענער וועלכע ווייסען ניט נאָר ווי צו האָפען, וואַרטען און תפלה טאָהן, נאָר וועלכע ווייסען אויך ווי צו לעבען, ארבייטען און ווען נויטיג אויך פעכ־טען מיט זייער גאַנצער מאַכט צו פאַרשפּרייטען די אמת׳ע ליכט פון רעליגיאָן געגען די כוחות פון פינסטערניש, פאַר־אורטייל, אונטאָלעראַנץ, פאַנאַטיזם און רשעות וועלכע הער־שען אויף דער וועלט.

ס׳איז אמת דאָס מיר אידען זיינען א מינאָריטעט צווישען פעלקער, א וואַסערע זעכצעהן מיליאָן צווישען ביינאַהע צוויי ביליאָן מענשען אויף אונזער פּלאַנעט, אָבער אויך די

מאַקאַבעער זיינען געווען אַ מינדערהייט, נאָר אַ קליין היי־פעלע אין פאַרגלייך מיט די גוט אָרגאַניזירטע און מיליטערישׂ דיסציפּלינירטע ארמעען פון אַנטיאָכוס, און דאָך זיינען די „רבים" איבערגעגעבען געוואָרען אין די הענט פון די „מעטים", און די „שטאַרקע" אין די הענט פון „שוואַכע". —

אָבער נאָך אַלעמען דאַרפען מיר ניט פאַרגעסען דאָס די העלדישקייט פון די מכבים האָט זיך גענומען פון זייער פעס־טען גלויבען און איבערצייגונג אין דער אמת'דיגקייט פון זייערע פּרינציפּען. זיי זיינען געווען כהנים וועלכע האָבען שטענדיג אָנגעהאַלטען דעם פייער אויפ'ן מזבח, אַ פייער וועל־כער איז קיינמאָל ניט אויסגעלאָשען געוואָרען, זייער פייער איז געווען אַ הייליגער, ניט קיין פרעמדער, אָן אש זרה. זיי האָ־בען באַזעסען געזונטע קערפּערס און געזונטע נשמות, ניט קיין פאַרברענטע נשמות. און אָט דיזע שטילע און רוהיגע כהנים זיינען אויפגעשטאַנען ווי מעכטיגע לייבען צום קאַמפף, ווען אַ פרעמדער האָט אַטאַקירט זייער לאַנד, זייער גאָט און תורה. ווען די סאָלדאַטען אין שלאַכטפעלד זיינען ניט איבער־צייגט אין דער גערעכטיגקייט פון דער מלחמה, מוז די מלחמה זיין אַ זיכערער דורכפאַל. אויך מלחמה מוז האָבען אַ נשמה, יעדער קאַמפף מוז קומען פון טיפער איבערצייגונג, ווען ניט — איז די האַנט, דער שווערד און קאַנאָן נוצלאָז.

— „על הנסים ועל הפורקן ועל הגבורות ועל התשועות ועל המלחמות", ביי אלע אומות העולם קומט מלחמה צום ערשטען, ביי אונז אידען קומט עס אויפ'ן לעצטען פּלאַץ. פריהער מוז קומען די באַגייסטערונג, מען דאַרף זיך אָנפרעגען „באורים ותומים", און נאַכהער געהן אין מלחמה.

און דאָס האָט מען געצייגט דעם נביא זכריה, וועמענס נבואה מען לייענט שבת חנוכה. דער נביא ווערט ער־וואַכט פון אַ מלאך ווי פון אַ שלאָף, און אויף דער פראַגע פון

מלאך ענטפערט ער דאָס ער זעהט אַ גאָלדענע מנורה מיט אַ קריגעלע פון אויל אויפ׳ן שפיץ, און פון קריגעלע גיסט זיך אויל אין די זיבען לאָמפען פון די זייטען פון דער מנורה דורך זיבען רעהרען. די פלאמען פון דער מנורה מוזען געשפייזט ווערען פון ריינער אויל אום עס זאָל קענען אָנהאַלטען דעם פלאָם. די הויפּטזאַך איז דערגייסט, די איבערצייגונג, דער־נאָך קומט מאַכט, לא בחיל ולא בכח כי אם ברוח אמר ה׳.

---

# דרוש לפרשה שקלים

## גאָטיס מהות

„ויאמר: „הראני נא את כבודך". ויאמר: „אני אעביר כל טובי על פניך וקראתי בשם ה' לפניך; וחנתי את אשר אחן ורחמתי את אשר ארחם. ויאמר לא תוכל לראות את פני, כי לא יראני האדם וחי. ויאמר ה': הנה מקום אתי ונצבת על הצור והיה בעבור כבודי ושמתיך בנקרת הצור ושכתי כפי עליך עד עברי. והסרתי את כפי וראית את אחרי ופני לא יראו".

(שמות ל"ג).

די תורה איז ניט אַ בוך פון וויסענשאַפט אין דעם פיזי־שען זין, זי איז מעהר ווי וויסענשאַפט: וויסענשאַפטלער בויען זייערע טעאָריעס אויף השערות, אין דער תורה זיינען קיין השערות נישטאָ, אלעס איז דאָרט באַגרינדעט אויף איי־ביגע אמת'ן. וויסענשאַפט האָט איהרען איבערגאנגס פע־ריאָדען, און וואָס איז געווען אָנגענומען אלס אמת אין איין פעריאָדע, האָט זיך אויסגעצייגט אלס פאַלש אין אַ צווייטער. הונדערטער יאָהרען האָבען וויסענשאַפטלער „געגלויבט" אין דעם וויסענשאַפטליכען אמת פון די פטאָלאמעער, פון קאָ־פערניקוס און גאלילעאָ, וועלכע האָבען אָפּגעלייקענט און צו־קלאַפּט דעם פריהערדיגען „וויסענשאַפטליכען" אמת; קומט איינשטיין און לייקענט אָפּ און מאַכט צו גאָרנישט די טע־אָריע פון גראַוויטאַציע פון סער אייזיק ניוטאָן; קומען שפּע־טערע וויסענשאַפטלער און עקספּלאָדירען די טעאָריעס פון דאַרווין, וועגען דעם אורשפּרונג פון די מינים; קומען אזוינע

גייסטיגע ריזען אין דעם טעמפעל פון וויסענשאפט, ווי דושינס, עדינגטאן און איינשטיין און זאגען, דאס מען קען דעם וועלט־אל ניט ערקלעהרען מיט וויסענשאפט אליין, זיי זיינען גע־טריבען צו דער אנערקענונג פון א „העכערער אינטעליגענץ", וועלכע רעגירט דעם גאנצען אוניווערז, צו דער אנערקענונג פון דער עקזיסטענץ פון גאטהייט, וועלכע די תורה האט שוין מיט טויזענדער יאהרען פריהער פאר זיי אנערקענט און בא־גרינדעט.

די תורה איז ניט א בוך פון היסטאריע, אדער פון עקאנאמיע אדער סאציאלאגיע — זי איז מעהר, העכער און טיפער ווי א צייטווייליגע, מענשליך־ערדישע ערשיינונג: היס־טאריע הויבט זיך אן און ענדיגט זיך מיט דער געשיכטע פון פעלקער און נאציאנען; סאציאלע וויסענשאפטען האבען צו טאן מיט קלאסען און גרופען, די תורה אבער פאנגט זיך אן מיט: „בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ", מיט דעם גאנצען רוים, דעם אין סוף, דעם וועלט־אל; די תורה פאנגט זיך ניט אן מיט שילדערונגען פון נאציאנען און גרופען, די תורה פאנגט זיך אן מיט דער שילדערונג פון דעם באגריף „מענש" — אדם, אין וועמען דער כביכול אליין האט „אריינ־געבלאזען אן אטעם פון לעבען", און וועמענס אורשפרונג איז ניט אן עק פון א פיש אדער אפע, נאר גאט אליין, דער מענש איז דער „יציר כפיו של הקב"ה". דער מענש שטעהט מיט זיינע פיס אויף דער ערד, אבער זיין קאפ גרייכט ביז צו די הימלען.

יעדער קינסטלער מאלט א בילד נאך זיין פארשטע־לונגס קראפט. די תורה, וועלכע איז א נצחית, אן אלעוועלט־ליכע, האט געמאלען און געשאפען די „מענשען" לויט איהר אייביגען באגריף.

די אלטע אידישע חכמים, וועלכע האבען טיפער ווי אלע אנדערע מפרשים דערגרונטעוועט דעם גייסט פון דער תורה

האָבען צוגעלייגט נאָך אַ שטריך אין דעם קינסטלערישען באַגריף פון „מענש" ווען זיי האָבען געזאָגט: „מכל העולם הוצבר עפרו", דער מענש געהערט ניט צו קיין באַשטימטען פּלאַץ, צו קיין געוויסער גרופּע, אָדער קלאַס, ער איז אן אל־וועלטליכע בריאה. לויט דער וויסענשאַפט איז דער מענש נאָר בלוט, פלייש און ביינער, וועמענס ווערט אין דאָלאר און סענטען, לויט דער אָפּשאַצונג, איז נאָר אַכצעהן דאלער, און ווען איהר באַזוכט דעם „מוזעאום פון נאַטור געשיכטע" און באַאָבאַכטעט אין אַ גלעזערנעם קאַסטען אַ פיגור פון א מענשען, נעבען איהם אָנגעפילטע גלעזלאך און סלויעס מיט כעמישע שטאָפען פון וועלכע דער מענש איז צוזאַמענגעשטעלט — פיהלט איהר פשוט אַ באַליידיגונג, אַ ירידה פון דעם גאַנצען מענשליכען וועזען. לויט דער וויסענשאַפט, איז אַלזאָ, משה רבנו, אַריסטאָטעל, איינשטיין א. אז. וו. ניט ווערט ווערט מעהר ווי אַכצעהן דאלער. לויט רעליגיע איז משה רבנו ווערט אַ גאַנצע מענשהייט — „שקול משה כנגד כל העם". און עס האָט גענומען טויזענטער יאָהרען פון מענשליכער גייסטיגער שטרעבונג צו פּראָדוצירען אַן איינשטיין.

לויט דער מאַטעריעלער אָפּשאַצונג איז אַ „קינד" ניט מעהר ווי אַ סקעלעט, לויט דער תורה איז אַ קינד אַ געטליכע אייביגקייט צו דער מוטער, זי זעהט אין איהם שעהנהייט, האָפנונג, זיין שטימע — מלאכים געזאַנג, זיינע אויגען — די אָפּשפיגלונג פון אַ נשמה וועלכע איז אַ חלק אלוה ממעל, זי זעהט אין איהם איהר אייגענע אומשטערבליכקייט.

מיר מענשען־קינדער, פאַראייביגען זיך אין די צוקונפטיגע דורות, און דער טויט זעלבסט איז ניט אזוי שרעקליך מיאוס. וויפיעל האָפנונגען עס ליגען באַהאַלטען אין אַזאַ הויכען, טיפען באַגריף פאר אונז, מענשען־קינדער. אין דער צייט פון האָפנונגס־לאָזיגקייט, ווען די הארץ ווערט צוריסען פון פארצווייפלונג, ווען דער גרויזאמער טויט רויבט אוועק פון

אונז די, וועלכע זיינען אונז טייער און ליעב — וועלען מיר ניט געהן זוכען טרייסט און האָפנונג צו ביכער פון כעמיע, פי־זיק אָדער אסטראָנאָמיע. ניין, דער וויסענשאַפטסמאַן קען אונז גאָר נישט טרייסטען, ער האָט ניט מיט וואָס. אין אזוינע מאָ־מענטען געהן מיר צו גאָט, מיר געהן צום אייביגען קוואל, צו דער תורה, צום תהלים: „ה׳ רועי לא אחסר״ — גאָט איז מיין פאַסטוך ער איז מיין שפייזער, און מיר וועט גאָרניט פעהלען. „גם כי אלך בגיא צלמות לא אירא רע כי אתה עמדי״ — אפילו אין דעם שאָטען פון טויט האָב איך קיין מורא, ווייל דו גאָט ביזט מיר מיר. וויפיעל ליכט, לעבען, האָפנונג און טרייסט האָבען די און אנדערע ווערטער ארייגעגאָסען אין דער פארצווייפעלטער מענשליכער נשמה?!

ווען מענשען מאַכען גאָט און די תורה פאר זייער וועגווייזער, זיינען זיי גליקליך, ווען מענשען מאכען אָבער עקאָנאָמיע און סאָציאָלאָגיע אָהן גאָט זייערע לייכט־טורעמס — שאַפען זיי טראגעדיעס, קראכען, קריזיסען און וועלט מלחמות, וועלכע באַגיסען די וועלט מיט בלוט און טרערהרען.

* *
*

פרעגט זיך אָבער: וואָס אַזוינס איז רעליגיע? וואָס הייסט גאָט? ווי אזוי פאַסט די תורה אויף די באגריפען? וואָס האָט אידענטום צו זאָגען וועגען דעם?!

דאָס זיינען אייביגע פראגען, אזוי אלט ווי דער מענש־ליכער גייסט. „אילו ידעתי הייתי אלוה״ — ווען איך וואָלט געוואוסט וואָלט איך אליין געווען א גאָט, זאָגט אַ אידישער פילאָזאָף אין מיטעל־אַלטער. משה רבנו זעלבסט, דער איש אלהים, דער וועלכער האָט גערעדט מיט גאָט פנים אל פנים, משה רבנו דער אדון הנביאים, וועלכער האָט געזעהן גאָט

באספקלריא המאירה (יבמות מ״ט ב׳), און האָט אריינגע־דרונגען אין דעם ניין־און־פערציגסטען שער של בינה, ווען עס האָט געפעהלט בלויז איין „טויער״ אריינצודרינגען אין דער גאָטהייט זעלבסט, פרעגט די פראגע און בעט זיך ביי גאָט: „הראני נא את כבודך״, ער וויל אריינדרינגען אין דער מהות פון גאָטהייט, ער וויל „זעהן״, פארשטעהן גאָט־אלהות. דאָ ניט לאַנג צוריק האָט ער געפיהרט זיין פאָלק צום בארג סיני, און ביי דעם „מעמד״ האָבען אלע, אפילו א שפחה, א דינסט־מיידעל געזעהן גאָט, דוכט זיך אזוי הויך זיי דערהוי־בען — „ויחזו את אלהים״ און דאָ הערט ער די שטימע: „לך רד כי שחת עמך״ — געה, משה, „ארונטער״, דיין פאָלק איז פאַרדאָרבען, זיי האָבען געמאַכט א גאָלדענעם קאַלב פאר א גאָט, זיי טאַנצען ארום איהם און זאָגען: „אלה אלהיך״, דאָס איז דיין גאָט! נידער ארונטער, משה, „רד״, דו מוזט ליידען א ירידה, דו האָסט מיט זיי ניט געלערענט מיין מהות, זיי פארשטעהען מיך ניט.

אָבער, ווער ביזטו גאָט, איך זעלבסט פאַרשטעה דיך ניט?!

מערקווירדיג, גאָט גיט איהם ניט קיין דירעקטען ענט־פער אויף זיין פראגע: „אתה אמר אלי „העל״ את העם הזה ואתה לא הודעתני״. דו גאָט הייסט מיר „אויפהויבען״ דאָס פאָלק, אָבער דו זאָגסט מיר גאָר ניט וועגען זיך. זאָגט איהם גאָט: „פני ילכו והנחותי לך״, מיין אָנוועזענהייט וועט פאר־בייגעהן און איך וועל דיר בארוהיגען. וויפיעל מאָראלע קראפט און טרייסט עס ליגען אין די ווערטער צו דעם ערמידעטען, פארצווייפעלטען משה. אפילו דו, משה, קענסט ניט דער־גרונטעווען מיין מהות, ווייל נאָך אלעמען ביזטו א באגרע־נעצטער מענש אָנגעטאָן אין א קערפערליכען לבוש, „כי לא יראני האדם וחי״, דו מוזט זיין א פושט צורה ולובש צורה, דו מוזט זיין דורכאויס גייסט מיר צו דערגרייכען. נאָך אלעמען

ביזטו א מענש ווי אלע מענשען, געבוירען געוואָרען דורך אַ נאַטירליכען מענשליכען פּראָצעס. איך האָב ניט, זאָגט גאָט, קיין „רוח הקודש", קיין הייליגע גייסטער וועלכע קענען זיך באַהעפטען מיט בתולות צו געבען געבורט צו „אַ זוהן", וועל־כער וועט צוטיילען און צושפּליטערען די מענשהייט; איך, גאָט, בין „איינער" און איך צוטייל נישט מיין ווזען אויף אַ „דריילינג", און ווייל איך גאָט בין „איינער" (אחד), מוזט איהר אלע מענשען־קינדער זיין פאראייניגט „בנים אתם לד' אלהיכם", איהר זיינט אלע מיינע זיהן. „אדם יחידי נברא" — דער ערשטער מענש איז באַשאַפען געוואָרען אַ יחיד, קיין יחסנים. „אדם" — מיין באַשעפעניש, איז דער אורשפּרינגלי־כער פאָטער פון אַלע מענשען קינדער, און אין שפּעטערע דורות, ווען מענשען וועלען דינען דעם גאָלדענעם קאַלב, און זיי וועלען זיין בלוטיגע שונאים איינער דעם אנדערען, איינער וועט וועלען פאַרשלינגען דעם צווייטען, און פאַרוואַנדלען מיין שעהנע וועלט אין אַ טאָל פון יאָמער און בלוט, וועט אויפ־שטעהן אַ גרויסער גייסט, מיינער אַ נביא — מלאכי וועט זיין זיין נאָמען און וועט אויסשרייען: הלוא אב אחד לכלנו, הלוא אל אחד בראנו, מדוע נבגד איש באחיו? — האָבען מיר דען ניט אַלע איין פאָטער? האָט אונז דען ניט איין גאָט אונז אַלעמען באַשאַפען? וואָרום האַנדלען פאַלש איינער מיט דעם צווייטען? איז דען ניט עשו אַ ברודער צו יעקב'ן?

דו משה, קענסט מיך ניט משיג זיין אינגאַנצען, נאָר אַ טייל פון מיר קאָנסטו פארשטעהן, דו קאָנסט נאָר זעהען מיין „רוקען" (אחורי), און עס איז בעסער אזוי, איך וויל דאָס מענשען זאָלען אַלעמאָל „זוכען" און פאָרשען מיין מהות, זיי מוזען האַלטען אין איין שטרעבען צו פאַרשטעהן מיינע וועגען, און דאָס וועט הייסען פּראָגרעס און ציוויליזאַציע; אלץ וואָס איך וויל, איז, אז דו זאָלסט וויסען, דאָס איך, גאָט, בין דאָ און עקזיסטיר, וועט דיר זיין וואויל און גוט. דו קאָנסט מיר זעהן

אפילו ב„נקרת הצור", אין אַ שפּאַלט פון אַ שטיין אַז איך בין דער מנהיג הבירה. די הימלען דערצעהלען מיין גלאָררייך, און דער וועלט-אַל (רקיע) פּראָקלאַמירט די וואונדער פון מיי־נע הענט; דו קאַנסט מיך זעהן צווישען מענשען-קינדער, וועל־כע האָבען מיטלייד איינער מיט דעם אַנדערען, וועלכע לייט־זעליגען זיך איינער דעם אַנדערען. „וחנותי את אשר אחון ורחמתי את אשר ארחם".

איך און מיין תורה רעדען אַ מענשליכע שפּראַך „דברה תורה כלשון בני אדם", „לא בשמים היא" — מיין תורה איז ניט אין הימעל, איך האָב מיין תורה געגעבען צו מענשען, און ווייל זי איז אַזוי מענשליך, דערפאַר איז זי אַזוי הימליש און געטליך.

אָט דאָס בין איך און דאָס איז מיין מהות און מיין תורה, זאָגט גאָט. ווען איך האָב געגעבען מיין תורה ביים מעמד הנבחר האָב איך ניט אָנגעפאַנגען מיט פילאָזאָפיע, מיט היסטאָריע און עקאָנאָמישע וויסענשאַפטען. איך האָב גע־זאָגט: „איך בין דער גאָט, וועלכער האָט דיך ארויסגענומען פון מצרים, פון קנעכטשאַפט". איך, גאָט, קאָן ניט דולדען קיין מענשליכע ליידען און שמערצען, פאראורזאכט דורך מיט־מענשען.

איך בין דער „אייביגער סוד" וועמען צו לייזען וועט אייביג זיין די מענשליכע אויפגאַבע און דורך דעם אייביגען שטרעבען וועלען זיי פאַרפיינערען זייער כאַראַקטער און פאַר־שעהנערען מיין וועלט. רעליגיע וועט אָנצינדען דעם מענש־ליכען ענטוזיאזם, עס וועט איהם געבען התלהבות; אמת'ע רעליגיע וועט זיין די טרייב-קראַפט אין פּראָגרעס. רעליגיע וועט זיין די מוטער פון קונסט, זי וועט בויען טעמפּלען, וועל־כע וועט אייביג עהרען דעם אַנדענקען פון עגיפּטען, זי וועט שאַפען קונסטווערק, וועלכע וועלען מאַכען דאָס אַלטע גריי־כענלאַנד אייביג יונג. זי וועט אינספּירירען מיט מיין געטליכען

פייער א רייה פון מענשען-קינדער — מיינע נביאים, וועלכע וועלען וועקען אין מיין נאָמען דעם מענשליכען געפיהל צו יושר און סאָציאלער גערעכטיגקייט. זי וועט רייניגען דאָס ערדישע און דערהויבען דאָס שטויביגע אין מענשען. זי וועט אריינפליסען אַ פונק פון האָפענונג און אַ שטראהל פון ליכט צו די יעניגע, וועלכע זיינען אין שמערצליכען טויט.

עס איז אמת, דאָס אין נאָמען פון גאָט און רעליגיע וועלן זיך מענשען איינער דעם אנדערען פארגוואלטיגען. עס איז אמת, דאָס אין נאָמען פון רעליגיע וועלען מענשען באַגעהן די שרעקליכסטע און ווילדסטע פארברעכען. אין מיין נאָ־מען, זאָגט גאָט, וועלען זיי זיך האסען און בלוטיגען איינער דעם אנדערען, זיי וועלען אויפשטעלען אינקוויזיציעס און פאר־ברענען מענשען לעבעדיגערהייט, זאָגענדיג דערביי אַ תפלה. עס איז אמת, דאָס אַ טייל פון מיינע מענשען וועלען געיאָגט ווערען ווי איינפאכע בעסטיעס; יעדער לאנד וועט זיין פאר זיי אַ קבר, יעדער טייך וועט רויט ווערען פון זייער בלוט; אויף אַלע ימים וועלען פליסען זייערע טרעהרען — אָבער דאָס איז ניט רעליגיע, דאָס איז פאנאַטיזם, דאָס איז אַבער־גלויבען, דאָס איז פאַלשקייט און היפאָקריטסטווע. לעהרען מיינע מענשען-קינדער אָט דעם איינפאַכען אמת — דאָס איך, גאָט, בין נישטאָ אין פאַנאַטישקייט, אין פאַלשען אבערגלויבען —מיין חתימה איז אמת, איך, גאָט, בין נישטאָ אין שטורם־ווינט, אין פייער, און אין ערדציטערניש, איך בין דאָ אין אַ „קול דממה דקה” — אין דער קליינער, זאַנפטער שטימע. „ורחמתי את אשר ארחם”, איך בין אן „אל ארך אפים ורב חסד ואמת” אין אמת, גערעכטיגקייט, גלייכהייט פאר אלעמען, אין אַ פאַראייניגטער מענשהייט — דאָרט בין איך דאָ.

און רעליגיע בכלל און מיין תורה בפרט באַשיינקען די מענשהייט מיט אַ באַגריף פון „קדושה”-הייליגקייט, אַ גע־פיהל, פון וועלכען קיינער וועט זיך ניט קאָנען באַפרייען, ניט

אַפילו די יעניגע, וועלכע וועלען פּרעדיגען אז רעליגיע איז אָפּיום פאר'ן פאָלק, זיי וועלען באַלזאַמירען דעם טויטען קער־פּער פון זייער לעהרער — לענין, אַלס אַן אָביעקט פון קדושה צו וועמען די „פּרימסטע" פון זיינע תלמידים וועלען קומען קניען, פּרעפּלען אַ גאָטלאָזע תפילה און פיליכט זיך איבער־צלמ'ען איבער זיין טויטען קערפּער...

נאָך קיינמאָל האָבען מענשען ניט אזוי פייערליך גע־דינט צום גאָלדענעם גאָט, ווי איצט. דער עגל הזהב איז דער סטאַנדאַרד פון וועלכען פעלקער און קעניגרייכען ציהען זייער חיונה. און ווי גרויזאַם רויט־בלוטיג דער גאָט איז. ער ווייסט ניט פון קיין רחמנות, ער האָט ניט קיין געפיהל פון יושר, פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט, ער צרייסט די פעדים פון בלוט־פאַרוואַנדשאַפט, ער שאַפט אַ בלוטיגע שנאה צווישען ברי־דער, צווישען פאָטער און זוהן, צווישען פעלקער און פעל־קער; ער האָט אריינגעבראַכט אַ שווערד און אַ פייערבראַנד, וועלכע שטעכען און שרפ'ענען אלעמען און אלעם אין דעם מאַרש פון פארניכטונג פון אלץ וואָס איז שעהן, הייליג און מענשליך. עד מתי — ווי לאַנג נאָך וועט די מענשהייט ליי־דען פון דעם שרעקענס־טייפעל, וועלכען זי האָט אליין גע־שאַפען. ווען־עס־איז קומען אַ צייט ווען די מענשהייט וועט זיך דערהויבען צום אידישען באַגריף פון גאָטהייט, וועלכער איז אן אל רחום והנון, צו דעם הויכען באגריף פון מענשליכען צוזאמענלעבען, ווי עס איז אָנגעדייטעט אין דער תורה, וועלכע איז אן אור לגויים — אַ ליכט צו די פעלקער — עד מתי?!

# דרוש לפרשה זכור

## איין ארויספאָדערונג צום אידישען פאָלק

„ישנו עם אחד מפזר ומפרד בין העמים בכל מדינות מלכותך, ודתיהם שונות מכל עם".
(אסתר ג׳).

אין איין אַרטיקעל וואָס איז ערשינען ניט לאַנג צוריק אונטער דעם נאָמען „איי טשעלענדזש טו איזראַעל", איין ארויספאָדערונג צום אידישען פאָלק, שרייבט פּראָפעסאָר וויליאַם ארטאַן: „דעמאָקראַטיע איז אין אַ פארטיידיגונגס פּאָזיציע ניט בלויז פון איהרע אויסערליכע שונאים, נאָר אויך קעגען איין אינערליכע צופוילקייט וועלכע פרעסט איהר הארץ. וואו מיר זאָלען זיך ניט ווענדען הערען מיר קלאָגעס געגען דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, סיי אין ביזנעס, אין פּאָליטיק, אין דיפּלאָמאַטיע און אין געדאנק. דיפּלאָמאַטיע איז רוקענלאָז און אומעטום זעהט איהר פאר זיך די אָבוועזענהייט פון דער מוטהיגער שטימע פון איבערצייגונגען און פּרינציפּען. אין דער ליטעראטור זייט נאָך דער מלחמה שפּיגעלט זיך אָפּ איין אונצופרידענהייט. דער פאַקט אליין דאָס מענשען דעבאַטירען די פראגע צו אונזער אַמעריקאַנישע קולטור האָט אַ צוקונפט, צו זי וועט איבערהויפּט אריבערלעבען — איז בעאַמערקונגסווערט. מענשען פיהלען דאָס די עמודים אויף וועלכע אונזער ציוויליזאַציאָן שטיצט זיך, האַלטען ביים צופאַלען. גלויבען זינקט, מענשען פארלירען דעם אינטערעס אין אלעם וואָס זיי האָבען ביז היינט געהאַלטען פאר וויכטיג.

די הענד וועלכע האָבען געבויט די מאַשין, זיינען צו מיעד אום זי צו קענען קאָנטראָלירען. די אויגען זיינען צו בלינד אום צו קענען בכלל פאָראויסזעהן די וויטע צוקונפט". אָט דאָס איז אַלזאָ דער סך הכל פון איבער ניינצעהן הונדערט יאָהר פון קריסטליכע דאָמינירונג און ציוויליזאַציע. ציטירענדיג דעם פסוק פון חומש: „ונברכו בך כל משפחות האדמה", און אין דיר וועלען זיך בענשען אלע פעלקער פון דער ערד, קומט פּראָ־פעסאָר ארטאן, וועלכער איז אליין אַ קריסט, צום באַשלוס, דאָס די איינציגע גייסטיגע קראַפט, וועלכע קען ראַטעווען די מענשהייט פון אונטערגאַנג, באַזיצט דער איד, און ער פּאָ־דערט דעריבער אויף דעם אידישען פאָלק אָנצופאַנגען די רע־טונגס ארבייט.

דאָס איז אַלזאָ אַ ווידוי דאָס דער קריסטענטום איז אַ דורכפאַל, איהרע הבטחות זיינען ניט ערפילט, די מענשהייט ליעגט איצט אַ פאר'חלש'טע און נויטיגט זיך דאָס מען זאָל איהר סטימולירען, און דער איינציגער וואָס קען טאָהן די אר־בייט איז דער איד. דער איד — לויט דעם פּראָפעסאָר — האָט די נאַטירליכע פעהיגקייט צו געבן געבורט צום משיחים, ערלייזערס, און צווישען די שורות לייענט מען דעם אָפּקלאַנג פון אַ מענשען וועלכער זאָגט און גיט צו, דאָס אין דעם פאל פון דעם יעצטיגען קריסטליכען משיח — האָט דאָס יודענ־טום געבאָרען אַ מפיל, וועלכער שיינט צו זיין אַ דורכפאל. עפּעס שלאָגען זיך מענשען צופיעל, זיי האסען זיך איינער דעם אַנדערען מיט בלוטיגער שנאה. דער צוגעזאָגטער „שלום אויף דער ערד, און גוטער ווילען צו מענשען" — איז ניט מעהר ווי אַ פרומער וואונש. „ישראל" — זאָגט ער ווייטער — האָט דורך דעם פארלויף פון די יאָהר־טויזענדע געשאַפען און אָנ־געהאַלטען אַ סיסטעמע פון געדאַנקען, וועלכע זיינען ניט נאָר געווען הימליש, נאָר האָבען אויך געזאָרגט פאר דעם טעג־ליכען וואָהלזיין פון געוועהנליכע בשר ודם'ס, מענער, פרויען

און קינדער. ווען איהר באַטראַכט די ציוויליזאַציע וואָס דער מערב האָט געשאַפען, זעהט איהר פאר זיך אַ מאַשין, וועלכע איז דורכגעווייקט פון די טרעהרען און בלוט פון דער מענש־הייט, וועלכע זי האָט באַדאַרפט שוינען און אָפּהיטען. דיזע מאַשין־קולטור אַפּעלירט יעצט צום אידישען געפיהל פון רחמנות, צום אידישען באַגריף פון יושר און גערעכטיגקייט!! ער שליסט זיין „אויפפאָדערונג צום אידישען פאָלק" מיט די פאָלגענדע מערקווירדיגע ווערטער: „דערמאָנענדיג ישראל'ן פון זיין פליכט אויסצולייזען די געפאַלענע מענשהייט, הייסט ניט דאָס ס'אידישע פאָלק דאַרף צוריקצאָהלען אַ חוב, אָפּגעבען זיין אידישקייט, ניין, דער איד האָט נאָר איין חוב צו צאָהלען: צו פארבלייבען אַ איד. דאָס איז די איינציגע פליכט וואָס ער איז שולדיג דער מענשהייט. ווייל דער איד האָט אַזויפיעל געליטען ווי קיין שום אַנדער ראַסע האָט ווען געליטען און מקריב געווען. ווייל זייער עקזיסטענץ איז אַזוי אונזיכער, דערפאר וועט ער ברייגען אַ ברכה צו אַ געפאַלענער געזעל־שאַפט, וועלכע האָט איהם באַליידיגט און באַשמוצט, געבענדיג דאָס וואָס קיינער קען פון איהם ניט צונעהמען, צו אַ וועלט, וועלכע זיצט אין דער פינסטערניש און אין שאָטען פון טויט"— (האַפּנער'ס מאגאזין, נאָוועמבער 1931).

די וועלט קלאַפּט אויפ'ן אידענס טיר און זוכט שוץ. היימלאָזע שנאָררערשע און חוצפה'דיגע קינדער וועלכע האָבען טעראָריזירט זייער מוטער אין פארלויף פון צוויי טויזענט יאָהר, קלאַפּען אויף דער מוטערס טויערען און זוכען סימ־פּאַטיע און ערפרישונג צו זייערע לעכצענדע נשמות און פאר־חלש'טע געמיטער. ווען דער אַמעריקאנער מאַלער סאר־דזשענט, וואָלט זיך געקענט אויפהויבען פון זיין קבר, וואָלט ער אליין פאַרשמירט זיין בילד די „קירך און סינאַגאָג" אין דער באָסטאָן פּאָבליק לייבערערי וואו די לעצטע ווערט רע־פּרעזענטירט אלס בלינדע אַלטע פרוי, וועלכע זיצט אויף די

טרעפֿ פֿון אַ רואינירטען טעמפּעל דריקענדיג צו איהר שוואַ־
כען האַרץ צובראָכענע לוחות.

המן פֿארדעקט זיין פּנים פֿון בושה הערענדיג אזוינע
ווערטער פון אַ באריהמטען קריסטליכען געלערענטען. דאָס
וואָס די המן׳ס פון אלע צייטען האָבען גענומען אלס קללה
„ודתיהם שונות״, זייערע געזעצען, אַרט לעבען איז אַנדערש
ווי די פֿון די אַנדערע פֿעלקער, איז גאָר אַ ברכה פאר דער
מענשהייט. אויך בלעם האָט געוואָלט שילטען די אידען
אָבער דערזעהענדיג דעם „עם לבדד ישכון, שוכן לשבטיו, אַ
פֿאָלק וואָס רוהט אָפּגעזונדערט, „ותחי עליו רוח אלהים״, איז
ער געוואָרען באַלעבט פֿון אַ געטליכען גייסט און ארויסגע־
זאָגט: „מה טבו אהליך יעקב משכנותיך ישראל״. און ס׳איז
מערקווירדיג, וואָס גוים ווילענדיג ניט ווילענדיג מוזען צוגעבען
דעם אמתן אמת פון „ונברכו בך כל משפחות האדמה״ אז דער
איד איז אַ ברכה פֿאר דער מענשהייט.

המן איז גערעכט געווען, באַשולדיגען אונז אין זיין אַנ־
דערש. יאָ, מיר זיינען אַנדערש, מענשליכער פון אנדערע.
מיר צווינגען קיינעם ניט אָנצונעהמען אונזערע פרינציפּען, מיר
זאָגען: ילך איש בשם אלהיו ואנחנו נלך בשם ד׳, זאָל יעדע־
רער געהן אין זיין גאָטס וועגען, מיר׳ן געהן אין אונזער גאָטס
וועגען. אברהם בעט ביים רבש״ע אויך פאר סדום און עמורה:
אדם יחידי נברא, אדם דער ערשטער מענש איז באַשאַפען
געוואָרען אַ יחיד, כדי די פעלקער זאָלען וויסען אַז זייער אור־
שפּרונג איז איינער און דער זעלבער פאָטער, און ס׳איז קיין
יחסנים ניטאָ צווישען מענשען און פעלקער. „מכל העולם
הוצבר עפרו״, פון דער גאַנצער ערד האָט דער כביכול צו־
זאַמענגעקליבען די קערנער צו באַשאַפען די מענשען, כדי
קיין טייל ערד זאָל ניט קענען פּרעטענדירען אַז פון זיי איז
דער ערשטער מענש באַשאַפען געוואָרען. דער אידישער גאָט
זאָגט: „מעשי ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה״ גאָט

ווייל ניט הערען זינגען ווען אפילו מצרים טרינקען זיך. די הארץ פון נביא ישעיה וועהטאָגט אפילו פאַר מואב: לבי למואב, און דער זעלבער נביא פראקלאמירט אין גאָט׳ס נאָמען: „ברוך עמי מצרים ומעשי ידי אשור ונחלתי ישראל", מצרים מיין פאָלק איז געבענשט, אשור איז מיין האַנד־ארבייט און ישראל איז מיין ירושה. ישראל איז אַ שלישיה למצרים ולאשור ברכה בקרב הארץ. און האָט אַמאָל ווער אויסגעדריקט אַ מעהר דעמאָקראַטישען גייסט ווי עמוס: „הלא כבני כושיים אתם לי בני ישראל נאום ד'", איהר, בני ישראל, שטעהט ניט העכער פאַר מיר פון די בני כושיים, אזוי ווי איך האָב די בני ישראל ארויסגענומען פון מצרים, אזוי האָב איך באַפרייט די פלשתים פון כפתור און ארם פון קיר (עמוס ט׳). די גריכען הויבען אָן מיט׳ן אלימפּוס, די רוימער מיט רוים, דער איד מיט השמים והארץ. מיר זיינען אַנדערש פון אַנדערע פעלקער, פון אַנדערע ראסען ווען זיי וואָלטען האָבען אַזאַ באַגריף פון אינטערנאַציאָנאַלען שלום פון מענשען און פעלקער וואָלטען מלחמות, המן׳ס, פּעטלורא׳ס און היטלער׳ס ימח שמם געווען אומעגליכקייטען. מיר זיינען אן אתה בחרתנו פאָלק ניט אין שאָוויניסטישען זין, נאָר צו לערנען מיט פעלקער און מענשען הויכע אידעען, איבער׳ן באחרית הימים ווען פעלקער וועלען קיין שווערד ניט אויפהויבען איינער געגען צווייטען.

פּראָפעסאָר ארטאן זאָגט, אַז דער איינציגער פליכט וועלכען אידען האָבען צו דער מענשהייט איז צו פארבלייבען אידען און דאָס גופא וועט זיין אַ ברכה, און דאָס איז די צרה וואָס מיר אידען אליין ווילען זיין ווי אנדערע „נהיה כגוים בית ישראל". המן באַשולדיגט ניט אַז די אידען זיינען אויסערליך אַנדערש, קליידען זיך אַנדערש, נאָר אַז זייערע מאָניערן זיינען אַנדערש, זיי ריידען ניט די לאַנדסשפּראַך, נאָר ער באַשולדיגט זיי אין אינערליכע, גייסטיגע אנדערשקייט, און די גייסטיגקייט מאַכט אַז מרדכי בוקט זיך ניט צו איהם.

מרדכי דער איד ווייס ניט פון קניהען זיך פאר אַ מענשען נאָר פאר גאָט, די אידישע קאנצעפּציע איז אַ גייסטיגע, פון אַנדערע פעלקער איז אָבער אַ מאַטעריאַליסטישע, ס'איז אַ קאמפּף פון נשמה מיט'ן חומר.

ישנו עם אחד — הלואי וואָלטען מיר געווען איין פאָלק ווי די גוים באַשולדיגען אונז. זייט דער צוטיילונג פון דער אידישער מלוכה נאָך שלמה'ן הערשט צווישען אונז אַ צו־שפּליטערונג, אפרים באַלעגערט יהודה און יהודה — אפרים. אידען פון פארשיעדענע לענדער ווילען זיך ניט פארשטעהן. ווען מיר וואָלטען פאראייניגט זיין וואָלט ציון שוין לאַנג געבויט געוואָרען. אונזער גליק איז נאָר דער, וואָס אין אַן עת צרה ווערען מיר פאראייניגט. אסתר בעהאַלט איהר אי־דישקייט אַמאָל, אין אסתר מגדת את עמה ואת מולדתה כי כן צוה עליה מרדכי, אָפּטמאָל ווילט זיך ניט מרדכי'ן פערצייהען אסתר'ס טהאָט, אָבער אין אַ עת צרה הייסט אסתר צונויפ־זאַמלען אַלע אידען: לך כנוס את כל היהודים, זי איז אפילו גרייט צו ווערען אַ מאַרטירערין פאר איהר פאָלק, וכאשר אבדתי אבדתי. די אידען זיינען געגליכען צו אַ קערפּער, ווען איין גליד איז קראנק ליידען אַלע גלידער. צדקה עשה הקדוש ברוך הוא שפּזרן לבין האומות איין טייל קומט צו הילף דעם אַנדערען טייל, און פיליכט איז עס אויך אַ טובה פאר די אומות העולם, זיי ווייסען אַז נאָר ישראל קען ראַטע־ווען די וועלט וועלט ווען מענשהייט איז אַ באַנקראָטירטע.

משל לבעל החריץ ולבעל התל, צוויי שכנים, זאָגט דער מדרש, איינער האָט אַ טיפען גרוב אין זיין פעלד און איי־נער האָט אַ בערגעל, ביידע האָבען געוואָלט אויסגלייכען דעם אויבערפלאך פון זייערע פעלדער, אין אַ געווויסען טאָג האָבען זיי זיך באַגעגענט. — וויפיעל ווילסטו פאר דיין קופּע ערד, פרעגט דער בעל החריץ צם בעל התל, — גאַרניט, ענטפערט דער לעצטער, נעהם עס פריי. אזוי איז המן און אחשורוש,

ביידע האָבען געהאַסט דעם אידען און ווען המן האָט אָנגע־באָטען אַ סומע געלד פאר דער פאַרטיליגונג פון די אידען, זאָגט אחשורוש קענסט דעם פארגעניגען האָבען פאר אומ־זיסט, „עשה ביהודים כטוב בעיניך", טהו מיט זיי ווי דיר גע־פעלט! צייגט דען דאָס ניט אונזער פאָזיציע צווישען די פעל־קער וועלכע „בארגענען" זיך איבער אונז, יעדער וויל פון אונז פטור ווערען און אונז איבערליפערען צו דער אַנדערער לאנד, אומעטום זיינען מיר איבריג.

די מגילת אסתר איז געשריבען געוואָרען אין גלות, דער איינציגער גלות פראָדוקט, אום פורים זאָגט מען ניט קיין הלל, ווייל ס'איז אַ יום טוב געשאַפען אין גלות און לויט'ן דין אויף אַ גלות יום טוב זאָגט מען ניט קיין הלל. אָבער וואָס פאר אַ שטאַרקע פראָפּאגאנדע מגילת אסתר איז פאר ציון פאר'ן ווידערגעבורט פון אידישען פאָלק אויף זיין היסטאָרישע טע־ריטאָריע ארץ ישראל. כתבוני לדורות, פארשרייבט מיר אויף דורות, זאָגט אָן אסתר, ס'איז אַ בילד פאר אלע צייטען אין אלע לענדער וואו אידען געפינען זיך.

די גוים גיבען אונז אַ שמייכעל, זיי גיבען אונז קאָמ־פלימענטען ווען זיי דאַרפען אונז צו טאָן עפּעס פאר די מענש־הייט, אָבער שוין צייט, כ'לעבען, זיך ראַטעווען אליין, גענוג טובות האָבען מיר דער מענשהייט געטאָן, און „תחת אהבתי ישטנוני" האָבען זיי אונז אָפּגעצאָלט מיט פאָגראָמען, שטיינער און גזרות רעות.

„וזאת הברכה אשר ברך משה איש האלהים", און דאָס איז די ברכה וועלכע משה דער איש האלהים האָט געבענשט, זאָגט דער מדרש: רבות בנות עשו חיל ואת עלית על כלנה; נח אמר למשה: אני גדול ממך שנצלתי מדור המבול, אמר לו משה: אני נתעליתי יותר ממך, אתה הצלת את עצמך ולא היה בך כח להציל את דורך, אבל אני הצלתי את עצמי והצלתי את דורי כשנתחייבו כליה בעגל (דברים רבה י"א). נח זאָגט

צו משה׳ן, ער איז העכער פון איהם, ווייל ער האָט זיך גע־
ראַטעוועט פון מבול, זאָגט משה, דו האָסט זיך אליין גערעטעט
אָבער ניט דיין דור, איך האָב אָבער זיך און מיין דור ביים עגל
גערעטעט. דער איד קען נאָר זיך רעטען און זיין דור ווען
ער וועט זיין אין ארץ ישראל, דאָרט וועט ער שאַפען אַ נייעם
גייסט, אַ נייע נשמה וועט ער קענען אריינגעבען דער מענש־
הייט אין דער צוקונפט, וועלכע צאַנקט און גוסס׳ט.

---

# דרוש לפסח

## אַ פריינד אָדער אַ שונא

ויהי בהיות יהושע ביריחו וישא עיניו
וירא והנה איש עומד לנגדו, והרבו שלופה
בידו, וילך יהושע אליו ויאמר לו: הלנו
אתה, אם לצרנו? ויאמר: לא, כי אני שר צבא
ד׳ עתה באתי, ויפל יהושע על פניו ארצה
וישתחו, ויאמר לו: מה אדוני מדבר אל
עבדו? ויאמר שר צבא ד׳ אל יהושע: של
נעליך מעל רגליך כי המקום אשר אתה עומד
עליו קודש הוא ויעש יהושע כן.
(יהושע ה׳ י״ג).

די פסוקים דערצעהלען אונז, אז אין די שלעכטע און פארצווייפעלטע מאָמענטען, ווען דער מענש איז מלא יאוש, דאַן אַנטפּלעקט זיך צו איהם השם יתברך, און אין יענער שווערע צייט ווען אונז שטעהט פאַר אַ נייעם שריט צו מאַכען אין וועלכער ס׳איז ריכטונג, און מורא האָבענדיג פאר אַ דורכפאל, אַט דאַן קומט די געטליכע פלוצלונגע ערשיינונג און מאַכט אונז שטאַרק און מוטהיג אין אונזער שריט אזוי אז מיר האָבען דעם געווינשטען ערפאָלג, אין דער אונז אומזיכערער און פאַרצווייפעלטער צייט. און מיר, פיהלענדיג די געטליכע אַנטפּלעקונג ערוועקט אין אונז מוטה, און דאָס שרעקענדיגע, דאָס אונזיכערע, דער ווירוואר פון שרעק און יאוש פארשווינדט און אונזער האָריזאנט לויטערט זיך אוים ווייל ד׳ לי לא אירא מה יעשה לי אדם, ד׳ לי בעוזרי ואני אראה בשונאי, זאָגט דער באַליבסטער משורר.

נעמליכעם געפינען מיר אויך ביי יעקב אבינו. ווען

ויתר יעקב לבדו, ער איז געווען איינזאם דאן אין זיינע מחשבות׳ן, אָבוואָל ער איז געווען צוזאמען מיט זיין פאַמיליע און עבדים, איינזאם באַטראַכט ער זיין צוקונפט, די צייט ווען ער וועט זיך מוזען צוזאמענשטויסען מיט זיין ברודער עשו׳ן, אַ באַוואָפּענטען שונא, און אַ שרעק באַפּאַלט איהם, זיך פאָר־שטעלען די רעזולטאַטען וואָס אַזאַ מלחמה קען זיין פאַר איהם פאר׳ן אומבאַוואָפּענטען יעקב׳ן. און אין אַזוינע יאוש מאָ־מענטען, באַווייזט זיך איהם „אַ מענש" פלוצים און קעמפט מיט איהם ביז דעם מאָרגענשטערע׳ס אויפגאַנג. און דער רעזולטאַט איז אַז יעקב דער פאַרצווייפעלטער, צושראָקענער קעמפּפט פאַרביסען יאוש׳דיג און — — — זיגט... און אַ געטליכער מלאך אין מענשען־געשטאַלט באַווייזט זיך צו יעקב׳ן, זאָגענדיג: ניט יעקב זאָל דיין נאָמען זיין, נאָר ישראל, ווייל אין קאַמפף מיט מענשען און געטליכעס ביזטו דער זי־גער געווען. „כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל". און דיזע געטליכע אַנטפּלעקונג אין צייט פון שרעק און פאר־צווייפלונג האָט געהאַט זיין ערפאָלגרייכע ווירקונג און דער שוואכער יעקב באַזיגט אומנאַטירליך זיין שלעכטען עשו ברודער.

דאָס זעלבע ביי משה׳ן ווען ער שטעהט ביים בארג חורב, באווייזט זיך צו איהם א מלאך אין אַ פייער געשטאַלט און זאָגט: גאָט האָט דעם וועה געשריי פון ישראל געהערט, און האָט זיך דערמאָנט זיין הבטחה צו די אבות פון׳ם ישראל פאָלק, און ס׳איז שוין צייט צו בעפרייען פון די פרעה׳ס און שקלאַפעניאַך, און גלייכצייטיג לויטעט דער באַפעל: „געה, משה, צו פרעה און זאָג אין מיין נאָמען, לאָז ארוים די ישראל קינדער פון קנעכטשאַפט און זיי זאָלען מיר דינען".

משה פיהלט זיך ניט גענוג שטאַרק צו אַזאַ הייליגע גרויסע שליחות און זאָגט: ווער בין איך דען, צו קענען ער־פילען אַזאַ שליחות? און אַ פאַרצווייפעלטער, פול מיט שרעק

פאר׳ן כלל ישראל און זייער הוה און עתיד, געהט ער איינזאם
אין דער מדבר פארביי דער בארג חורב און פיהרט זיינע
שאָף פארטראַכט און באַזאָרגט, און אַ מלאך ערשיינט ווידער
פאר איהם שוין איצט אין דער פארם פון א ברענענדיגען דאָרן
וואָס לעשט זיך ניט, און משה באקוקט זיך אויפ׳ן בוים און
הערט פלוצים ווידער גאָט׳ס שטימע פון פייער „טו דיינע שיך
אוים״ — דער פלאַץ וואו דו שטעהסט איז הייליג״, שרעק
זיך ניט, קענסט דיין שליחות פאָלשטענדיג ערפילען, זיי
ניט פארצווייפעלט, געה צו די ישראל קנעכט און מונטער זיי,
אַז זייער גאולה קומט, און משה געהט און זיין וועג גליקט
איהם, א פולשטענדיגער גרויסער נצחון.

יהושע, משה׳ס נאָכפאָלגער געפינט זיך אין גלגל ביי
יריחו, וועלכע איז דער שליסעל צום לאנד כנען, און ערשט
נאָכ׳ן פייערען דעם באַפרייאונגס יום טוב פסח דאַרף מען עס
עראבערן, און יהושע פול מיט מוטה טרעט צו צום קאמפף
טראָץ די איהם גוט באַקאַנטע מרגלים ווערטער: „אפס כי
עז העם היושב בארץ, והערים בצורות גדולות מאד וגם ילידי
ענק ראינו שם״. אַ שטאַרקעם פאָלק אין שטעט באַפעסטיגטע,
גיגאנטען מענשען, ניין, אוממעגליך אזוינע צו באזיגען.

און יענע צייט פון קאמפף איז געקומען, יהושע ווערט
באַזאָרגט אויב די תוצאות וועלען זיין גינסטיג פאר איהם, און
ווי אַ גוטער סטראטעגיקער באַטראַכט ער די מאַפע פון כנען
און ווי אַ פעלד מאַרשאַל צייכענט ער אוים דעם פלאַן פון׳ם
מאַרשרוט צו יריחו, און איז גלייכצייטיג פארצווייפעלט, אויב
זיין אונטערנעמונג וועט איהם געלינגען אָדער, ווייס גאָט....
און מיט אַזוינע פעסימיסטישע געדאנקען זיצט ער פארזונקען
און טראַכט אין עמק יריחו. פלוצלונג דערזעהט ער אַ הויכע
מעכטיגע פיגור מיט אַ שווערד ענטבלויזט אין האַנד גרייט פאר
אַ שלאַכט און צעשטרייעט און פארוואונדערט שרייט יהושע
אוים: הלנו אתה אם לצרנו, ביזטו אונז פריינד אָדער פיינד?

אין יהושע׳ס ווערטער ליגט די פראגע, וועט אונזער אונטער־נעמונג זיין ערפאָלג אָדער דורכפאַל. די געשטאַלט האָט אָבער קיין דירעקטען ענטפער ניט געגעבען אויף יהושע׳ס פראגע. עס מיינט, כ׳קען דיר ניט זאָגען אויב איך בין אַ פריינד אָדער פיינד, כ׳בין בלויז אַ שר צבא ד׳ און קום איצט אלס גאָט׳ס שליח, און דו יהושע געהערסט מיך, ניט איך — דיר, ס׳הייסט אויב דו וועסט געהן אין גאָט׳ס דרכים וועסטו זיין ערפאָלג־רייך, און אויב דו וועסט זיין איין אנטאַגאניסט, מיין מתנגד — וועסטו ליידען אַ דורכפאַל.

יהושע הערענדיג אַזאַ תשובה האָט שוין באַגריפען וואָס דאָס מיינט פאר איהם, און איז געפאלען צו דער ערד, און פונקט ווי משה הערט ער שאַלען גאָט׳ס שטימע: נעהם ארונטער דיינע שיך, דער פּלאַץ איז א הייליגער, און מיט אייער אויפטריט דאָ פארהייליגט איהר דאָס לאנד און דאָס איז שוין אייער דערפאָלג, די לאנד וועסטו שוין איינעמען און ס׳וועט הייסען א ר ץ י ש ר א ל.

און היסטאָריש איז עס באַגרינדעט, יריחו איז אַ ווירק־ליכקייט, זי איז אָבער אויך אַ סימבאָל, אַ בילד אין וועלכען ס׳שפּיגעלט זיך אָפּ אַ גרויסער טייל פון׳ם מענשליכען לע־בען.

מענש און לעבען זיינען צוויי געגענגעזעצטע קרעפטען און יעדער עלעמענט וויל באַזיגען דעם צווייטען, די סתירה מוז די אומשטענדען וואָס זיינען געגען איהם באַקעמפען. ער וועלכער איז בעאויפטראגט געוואָרען צו באַהערשען די ערד, „מיט שוויים פון דיין פּנים — זאָלסטו ברויט עסען״.

דער מענש קעמפּפט אימערצו מיט דער נאַטור, און מוז די אומשטענדען וואָס זיינען געגן איהם באַקעמפּפען. ער פרעגט שטענדיג דעם לעבען יהושע׳ס פראגע: הלנו אתה אם לצרנו, ביזטו לעבען, פאַר מיר, מיט מיר אָדער געגען מיר? און שוואכע מענשען וואָס קענען דעם מלחמת הקיום, קאמפּף

פאַר'ן עקזיסטענץ ניט פיהרען פאַלען טאַקע אַלס קרבנות אויף דעם מזבח פון לעבען, און נאָר שטאַרקע, מעהר צו־געפּאַסטע צום לעבענס־קאַמפּף קענען עס ביישטעהן ווי מען רופט עס „סורווייוועל אָף די פיטעסט". יריחו איז אזוי לאַנג אומזיגבאַר כל זמן דו שטעהסט צו הילף דעם שר ד' צבאות, כל זמן דו באַזיצט די מאָראַלע, גייסטיגע און אינטעלעקטועלע קראַפט, ווען ניט ביזסטו אַ דורכפאַל און ס'לעבען וועט גובר זיין.

„הלנו אתה אם לצרנו", פרעגען מיר יעדען אינדיווידיאום וועמען מיר האָבען קיין אורזאַך צו צווייפלען אין זיין פריינד־שאַפט, מיט האָבען צוטרוי צו איהם. מיר מוזען אָבער אויך דאַן זיין פאָרזיכטיג ווייל ס'קען זיין אַז „רוממות אל בגרונם וחרב פיפיות בידם", זיי ריידען פון גאָט אָבער אין האַנד האַלטען זיי אַ שווערד צו דערשטעכען דיר ביי יעדער ערש־טער געלעגענהייט, „זובחי אדם עגלים ישקון", דער נביא רופט זיי מענשען פאַרדאַרבער, קעלבער פאַרגעטערער.

ס'קען אָבער אויך זיין אַז יענער וועמען מיר האַלטען פאַר אַ שונא איז גאָר אַ פריינד נאָר ס'איז צוליב אַ מיספאַר־שטענדעניש, ווארום מיט אן אמת באַטראַכטען, וויפיעל שנאת חנם וואָלט אויסגעמיטען געוואָרען ווען מענשען וואָל־טען זיך איינעם דעם צווייטען פאַרשטאַנען. די גאַנצע צרה איז די צוויי פּנים'דיגקייט, וואָס מענשען שפּילען, די ראָלע פון אַ דר. זשעקעל און מר. הייד, צוויי כאַראַקטערע אין איין פּערזאָן, און אזוי אַרום בייטען זיך מענשען אין איין און די זעלבע פּערזאָן. יאָרענלאַנג געהט אָן אַ קאַמפּף צווישען דר. זשעקעל און מר. הייד פאַר דער אויבערהערשאַפט, און ליידער זיגט אימערצו מר. הייד, דאָס איז די פאַרקערפּערונג פון מיאוס און עקעל.

איהר האָט דאָ אַ בילד פון'ם אוראַלטען גן עדן וואו עס וואַקסען צוויי בוימער, אַ בוים פון לעבען און אַ בוים פון

שלאַנגען. אדם איז געוועזן געוואָרענט געגן דעם שלאַנגען־בוים, אָבער דער שלאַנג האָט גובר געוועזן און אדם פאַלט אַ קרבן און ברענגט דער וועלט מיט זיין טאַט טויט און פארניכ־טונג.

הלנו אתה אם לצרנו. די פראַגע מאַטערט יעדען איי־נעם, ווי בדרשי זאָגט: העולם — ים זועף, רב מצולה, רחב ידים, והזמן גשר רעוע בנוי עליו, ראשו אחוז בחבלי העדר הקודם להוייתו ותכליתו לראות בנועם מתמיד לאור באור פני המלך, ואתה בן אדם אתה גובר עליו תמיד מיום היותך לאיש... ואין דרך לנטות ימין ושמאל היעמיד לבבך, התחזקנה ידיך.. די וועלט איז אַ שטורמדיגער ים, טיף און ברייט, און אויף זיין אויבערפלעך שווימט ארום אַ באַוועגליכער בריק, זיין אָנפאַנג איז אָנגעקניפּט אין דעם תהו ובהו פון דער יצירת העולם, און איין פאַלשער שריט גליטשען זיך דיינע פיס אויס און דו געפינסט דיין קבר אין דער אונענדליכקייט אונ־טער דיינע פיס. ווען דו זעהן אויף ביידע זייטען בריק מענ־שען געפאַלענע און צוטראָטענע, און אפילו יענע ביים אָנ־הויבען זייער קאַריערע האָבען די אַלטע פראַגע דעם לעבען געשטעלט „הלנו אתה אם לצרנו, ווייל זיי זיינען געוועזן פון די מתנגדי שר צבא ד׳.

עס דערצעהלט זיך אַ פאַבעל, אַן אינדיאַנער הויפּטלינג האָט זיינע דריי זיהן געהייסען ארויף קלעטערען אויף אַ הויכען, גלאַטען און שפּיציגען באַרג, און צוריק קומען מוז יעדער פון זיי מיט זיך עפּעס ברענגען וואָס זאָל ווייזען אז ער איז געוועזן אויפ׳ן שפּיץ באַרג. ווען זיי זיינען צוריקגעקומען האָט זיך אויסגעוויזען אַז איינער האָט דערגרייכט נאָר צו דער העלפט פון באַרג און האָט אלם צייכען געבראַכט אַ קראַנץ שעהנע בלומען. דער צווייטער האָט שוין כמעט צוויי דריטעל באַרג באַשטיגען און געבראַכט איניגע זעהר ווערטפולע שטיינער. דער דריטער, וועלכער איז געוועזן דער היראַאישער,

העלדישסטער פון אלע און דערגרייכט דעם שפּיץ בארג, האָט לײדער אָבער גאָר ניט געפונען דאָרטען וואָס מיטצוברײנגען, וואָלט זיך וועלען פרעגען וועלכער פון די דריי זיהן האָט גע־האַט ערפאָלג אין זיין אונטערנעהמונג. די וועמען ס׳איז ניט געלונגען דעם שפּיץ בארג צו רייכען, אָבער זייערע מתנות פון בארג האָבען זיי כבוד צוגעגעבען, אָדער יענער וואָס האָט דעם אולטרא פּונקט עררייכט נאָר איהם קונה געווען בריאה בעלמא מיט׳ן זעהן אליין, אָבער אָהן וואָס מיט צו ברײנגען, פארשטעהט זיך דער לעצטער, „בהר ד׳ יראה" פון דעם בארגס הויכקייט זעהט זיך די גאנצע לעבענס־פּאַנאָראַמע.

מיר אידען פייערען היינט דעם שעהנסטען יום טוב, פּסח איז דער שעהנסטער און ערהאַבענסטער יו"ט פון די איבעריגע וועלכע מיר פייערען, און די מסדרי התפילות האָבען די הפטורה פון ערשטען טאָג פּסח געהייסען לייענען אין יהושע די ציטירטע פּסוקים. עס לעזט זיך ווי אַ פּאַסירונג און דאָך איז עס פול מיט געטליכעס, מיסטעריעז איז דער טאָן און דער מאָטיוו. דער יום טוב פּסח איז זעהר פארבענ־רייך, אַ קאָמבינאַציע פון היסטאָריע און נבואה צוזאמען, היים און שול, פאָלק און פאַמילע, גייסט און קערפּער, עבר און עתיד. פּסח פארמאָגט יענע קראַפט וואָס אַטרעקטעט אלע קלאַסען אידען אַלט און יונג, מענער און פרויען, אָרטאָדאָקס אוו ראַדיקאַל, אַלע פילען זיך פייערליך געשטימט, אין אזא פייערליכע שטימונג, פרעגט זיך די זעלבע פראגע: הלנו אתה אם לצרנו?

ס׳זיינען פאַראַן אידען וועלע ווייסען אַבסאָלוט ניט פון אידישקייט, זיי האָבען מיט אידישע פּראָבלעמען ניט צו טאָן. דער קיום פון אידישען פאָלק געהט זיי ניט אָן, אָבער צו אזאַ אידען ווילט זיך זאָגען: אַ צייט וועט קומען ווען דו וועסט זיך געפינען איינזאם, פרעמד אפילו צו אייגענע פרוי און קינדער, די אויסערליכע ניט אידישע וועלט, צו וועלכער דו

האָסט זיך געשטופּט און זיי האָבען דיר אויסגעמידען ווען דיר אין גאנצען בעזייטיגען, און ביי דיין סדר טיש ווען דו ווערסט זיך עראינערען די גרויע פארגאנגענהייט, דיינע קינ־דערשע יאָהרען, ווען דיין טאַטע ווי אַ פּאַטריארך פלעגט אין קיטעל אָפּריכטען דעם סדר און דיין מאמע ווי אַ מלכה ביי זיין זייט, און אַן אומעט וועט דיר אַרומכאַפּען און אַ בענקונג אָט צו די יענע הייליגקייט און פיהלען וועסטו ווי איבריג דו ביזט דער וועלט און ניט ווילענדיג וועט זיך דיר פרעגען אי־בער זיך אליין: „הלנו אתה אם לצרנו“?

איז דאָס ניט גענוג טראַגיש דאָס עס האָט געדאַרפט פּאַסירען אַ דרייפוס אַפּער אום צו ברענגען אָהן אַ צאָהל אידען צוריק צום יהדות. האָבען דען די דייטשע אידען געדאַרפט וואַרטען אַזוי לאַנג מיט זייער תשובה, צוריקקערען זיך צום יודענטום ביז דער קאַניבאַל היטלער ימ"ש האָט זיי בלוטיג געטריבען צו ווערען אידען. דאַרף אָט דער משוגע'נער באַר־באַר היטלער אסר'ן געמישטע הייראַטען און אידען אליין פאַר־שטעהען עס ניט? און אַז אַ לאָרד מעלטשעט זאָל עפענטליך זיך מגייר זיין ווייל ער פאַרשטעהט שוין ווי הויך און געשעצט אַ איד דאַרף זיין.

און צוזאמען מיט דער פראַגע פון הלנו אתה אם לצרנו, פרעגען מיר יָאָהר איין יאָהר אוים „מה נשתנה“, פאַרוואָס זיי־נען מיר אַנדערש פון אַנדערע פעלקער, ווייל זעלטען ווען האָט זיך געלאָזט הערען אַז אַ רוס, פּאָליאַק, טוטאַנער, גאַליער און אירלענדער זאָל זיך שעהמען מיט זיין פאָלק און רעליגיאָן זיינען מיר דען ניט רייכער אינטעלעקטועל און פיינפילענדער פון אַנדערע אומציוויליזירטע פעלקער? האָבען מיר דען ניט פּראָקלאַמירט די ערשטע די אידעע פון פרייהייט וקראתם דרור, צו דער וועלט? און דער יו"ט פסח, דער פרייהייטס יו"ט וועלכער איז דורכאוים דער פאָלקס פרייהייטס יו"ט

דערצעהלט דען וויניג איבער ציוויליזאַציע, מאָראל און עטיק?

ביים סדר טיש הערען מיר דעם בעל המגיד זאָגען „כנגד ארבעה בנים דברה תורה", די תורה רעדט פון די פיער זיהן, און בלויז איינער פון זיי איז אַ חכם, און דער חכם איז אויך בלויז „חכם" פון „מה נשתנה", און מערקווירדיג פאר איין מה נשתנה חכם, זיינען דאָ אַזוי פיעל רשעים, תם'ם און שאינו יודע לשאול'ס. כ'וואָלט יעדען פון געפרעגט: הלנו אתה אם לצרנו? מילא דער חכם פרעגט, ער וויל וויסען, אָבער די אנדערע פרעגען... אויך אברהם אבינו האָט געפרעגט: „השופט כל הארץ לא יעשה משפט". יהדות איז געבויעט אויף וויסען. דער חכם וויל פאַרשטעהן די בעדייטונג פון פסח פאר אונז היינט צו טאָג, ווען פון פרעה'ן איז שוין קיין זכר ניטאָ, און אזוי פיעל רשעים מאַכען חוזק פון אונז, ווילט זיך איהם וויסען ווי אזוי מיר פייערען אונטער אַזעלכע אומשטענדען?

דאַן „אמור לו כהלכות הפסח", דערצעהל איהם די געשיכטע פון אידען אין מצרים. אויך זיי האָבען פיזיש געליטען און געווען גייסטיג דעגענערירט, געווען פארזונקען אין מ"ט שערי טומאה, האַלט דאָס פאר אַ סימבאָל אַלע מאָל און ס'וועט דיך דערמוטיגען אַלס איד. דעם רשע אָבער, ענטפער גאָר ניט, ער פאַרדינט ניט קיין אויפמערקזאַמקייט, ער זאָגט: „מה העבודה הזאת לכם", ער וויל מיר זאָלען זיך אַסימילירען, ער הייסט אָבגעבען די תורה און אוים מיט'ן אידישען פראָבלעם, זאָג איהם דערפאר „בעבור זה עשה ד' לי בצאתי ממצרים", „אילו היה שם לא היה נגאל", ווען ס'אידישע פאָלק אין מצרים וואָלטען זיין אזוינע ווי ער וואָלטען זיי זיכער ניט אויסגעלייזט געוואָרען. דער „תם" דאָס איז דער „עיט צבוע", אַ צדיק אין אַ שעפּסענפעל, ער לייגט אריין די טומאה אין די יראה, די תורה, זאָגט ער פּאַסט זיך נאָר פאר דעם

יוצאי מצרים דור אָבער ניט פאר אונז, מען מוז אַביסעל אַפּע־רירען דאָס גאַנצע. — זאָג איהם אַז מען קען ניט אַפּעררירען, אויב מען זאָל נאָר אנהויבען רעסטאווירען קען דער גאנצער בנין צופאלען. און דעם שאינו יודע לשאול — את פתח לו, לע־רען איהם דו, „ושננתם לבניך״ לערען די תורה מיט זיי, זיי זאָלען איהר פאַרשטעהן.

הלנו אתה אם לצרנו, צו יעדען פון די פיער בנים פון די פיער קלאסען אידען זאָגען מיר, אויב דו ביזט ניט מיט אונז אין גאַנצען ביזטו געגען אונז, ענטפער, ווי דער מלאך האָט צו יהושע געזאָגט „כי שר ד׳ צבאות עתה באתי״, איך קום יעצט אַלס אַזעלכער וואָס שטעהט צו דער זייט פון גאָט — און המקום אשר אתה עומד עליו אדמת קדש הוא— דאָס נעמט אריין אין זינען, וועט איהר זיין דער אמת׳ער שטאַלצער איד לעולם. אמן.

---

# דרוש לפסח

## פרייהייט און געזעץ

בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את
האלהים על ההר הזה.
(שמות).

מיר פייערן מיט פרעהליכע הערצער דעם גרעסטען אידישען היסטאָרישען יום טוב פסח. דער גרונד געדאנק פון יום טוב איז פרייהייט. מיט אַן ערך פינף און דרייסיג הונ־דערט יאָהר צוריק איז אַ קנעכטישע פאָלק פארוואנדעלט גע־וואָרען אין אַ פאָלק וועלכע איז פון דער השגחה באַשטימט געוואָרען אין שפעטערע דורות צו ווערען דער רעליגיאָנס און מאָראַלער לעהרער צו דער וועלט. קיינער פון די אנדערע ימים טובים האָט אַזאַ מעכטיגען אַפּיעל צו דער אידישער פאַנ־טאַזיע, און אויך צו דער פאַנטאַזיע פון דער גאנצער מענש־הייט, ווי עס האָט דער „מעססעדזש" וועלכען דער פסח פרא־קלאַמירט.

פסח באַצייכענט דעם געבורטסטאָג פון אַ פאָלק וועל־כע פון גרויען אַלטערטום ערשיינט אויף דער וועלט סצענע מיט אַ „פארקונדיגונג" וועלכע רינגעלט די וועלט ווי די בערג און איז אזוי אוניווערסאל ווי די ימים. פסח שטעלט אויף אַן אַלוועלטליכען, און דעריבער איין אייביגען מאָנומענט צו די אידעע פון פרייהייט.

אָבער וואָס הייסט פרייהייט?!

דער וואָרט „פרייהייט" איז איינער פון די רייכסטע

ווערטער אין דער מענשליכער שפּראַך. עס רעזומירט די געשיכטע פון פיעלע לענדער און פעלקער, אין אלטערטום און אין מאָדערנע צייטען. „גיב מיר פרייהייט, אָדער גיב מיר טויט", איז געווען דער גרויסער שלאַג־וואָרט וועלכער האָט דורכגעדרונגען און אָפּגעקלונגען דורך די דרייצעהן קאָלאָניעס ביי דעם געבורט פון דיזע גרויסע און מעכטיגע נאַציאָן — די פאראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקא. און פונקט ווי אין נאַציאָנאַלען זין אזוי אויך אין פריוואַטען לעבען, האָט דאָס וואָרט „פרייהייט" די מאַגנעטישע און פאר'שכור'ענדע קראַפט אריין צו ווארפען דעם אינדיווידיאום אין דער העכסטער מדרגה פון עקסטאַז און התלהבות. — דאָך איז דער געדאַנק „פרייהייט" איינער פון די מייסט מיספארשטאַנענע פון אלע מענשליכע געדאנקען און אידעען אויף דער וועלט.

„בהוציאך את העם ממצרים תעבדון את האלקים על ההר הזה". דאָ ליגט די גרונט־אידעע און דער ענד־ציעל פון יציאת מצרים. באַפרייט פון פיזישע קנעכטשאַפט, פון מענש־ליכע טיראַנען, דאַרפען זיי פון דער מינוט פון זייער באַפרייאונג ווערען די דינער פון גאָט, קנעכט צו די אידעאַלען פון מאָראל, עטיק און געזעץ. פרייהייט הייסט ניט הפקרות, אַנאַרכיע. אין סאָוויעט רוסלאנד, וואו עס הערשט דער קאָמוניזם, איז דאָ ווייניגער פערזענליכע פרייהייט ווי עס האָט געהערשט אפילו אונטער דעם צאַריסטישען רעזשים, און געוויס ניט אזוי פיעל פרייהייטען ווי עס געניסען די ענגלישע „אונטערטאַנען" אין מאָנאַרכיסטישען ענגלאַנד.

פרייהייט הייסט אויך ניט אונאָפּהענגיגקייט — „אינדע־פענדענס". פרייהייט מוז רעגולירט ווערען דורך חוקים ומשפטים, דורך געזעץ, וועלכע פארזיכערען די רעכטע פון אַנדערע. די פרייהייטען פון יחיד אזוי ווי פון רבים וואָלטען קיינמאָל ניט געקענט געזיכערט און באַשיצט ווערען אין אַ

געזעצלאָזע געזעלשאַפט אָדער שטאַאַט. די שוואַכערע וואָל־
טען דאַן זיין אונטערוואָרפען צו אויסברוכען פון טיראַנען
וועלכע וואָלטען פאַרכאַפּט די מאַכט און אונטעריאָכט דעם
גרעסטען טייל פון דער געזעלשאַפט. אויך די פרייע נאַטור
איז אונטערוואָרפען צו געוויסע אייזערנע רעגולאַציעס וועלכע
באַשטראָפען גרויזאַם זייער פאַרלעצונג. זיי מאַכען קיין אונ־
טערשיעד צווישען יונג און אַלט, מאַן אָדער פרוי, צדיק אָדער
רשע. די שרעקליכע קאַטאַסטראָפען וועלכע זיינען באַפאַלען
פאַמפעאום אָדער הערקולאַנום, אָדער אַ מגפה, אַ פעסט וואָס
ברעכט אויס — מאַכען קיינע אונטערשיעד פון שולדיגע אָדער
אונשולדיגע. אַ ערדציטערניש, אַ וואָלקען־אויסברוך, אַ וואול־
קאַן, אַ ציקלאָן צושטערען און רואינירען שטעט און מענשען
און זיינען ניט אויסקלייבעריש. געזעץ הערשט אומעטום פון
אַ טראָפען רעגען ביז אַ בעוועגענדען פלאַנעט אָדער
אַ זונען סיסטעם. „ה׳ בשמים הכין כסאו ומלכותו מכל משלה״,
גאָטעס רעגירונג הערשט אומעטום, „אשר שמתי חול גבול לים,
חק עולם ולא יעברנהו״ (ירמיהו). „יהללו את שם ה׳ כי הוא
צוה ונבראו, ויעמידם לעד לעולם חק נתן ולא יעבור, הללו את
ה׳ מן הארץ תנינים וכל תהומות אש וברד שלג וקיטור, רוח
סערה עשה דברו, הללוהו שמש וירח, הללוהו כל ככבי אור״.
איך, גאָט, האָב געמאַכט דעם זאַמד אַ גרעניץ ביים ברעג ים,
איין אייביגען געזעץ וועלכער דער ים קען ניט פארלעצען, לויב
גאָט, דו זון, לבנה און איהר שטערן פון ליכט, לויבט זיין
נאָמען ווייל ער האָט באַפעהלט און זיי זיינען אַלע געשאַפען
געוואָרען. ער האָט זיי אַזוי אַוועקגעשטעלט אויף אייביג, און
זיין געבאָט קען ניט פארלעצט ווערען. פייער און האָגעל,
שניי, דאמפף און דער שטורם ווינט, אלע חיות, בהמות, קריי־
כענדע זאכען, געפליגעלטע באַשעפענישען, קעניגע פון דער
ערד, פרינצען און ריכטער, יונג און אַלט, בחורים און מייד־

לאָך — אַלע זיינען אונטערוואָרפען צו די געזעצען פון נאַ־טור וועלכע דער באַשעפער האָט געאָרדערט. ווען די נאַטור זאָל פאַרברעכען איינע פון איהרע געזעצען, דאַן וואָלט גע־ווען די גרעסטע קאַטאַסטראָפע. און די אמונה און די רעגולאַ־ריטעט און בעשטענדיגקייט פון דיזע געזעצען אין דער נאַ־טור אינספּירירט טרויען און גלויבען אין מענשען. ווען ניט דיזער צוטרויען וואָלט ציוויליזאַציע און פּראָגרעס געווען אומעגליך. די זון געהט אונטער מיט דער זיכערקייט דאָס זי וועט אויפגעהן מאָרגען. די סעזאָנען פון יאָהר פאָלגען איי־נער נאָך דעם אנדערען. „עוד כל ימי הארץ, זרע וקציר וקר וחם וקיץ וחרף ויום ולילה לא ישבתו. אויב ווינטער זאָל נאָכפאָלגען פריהלינג, און זומער הערבסט וואָלט די מענשליכע ראַסע אָבגעווישט געוואָרען פון דער ערד־קוגעל.

אָט דיזע אַלע געזעצען מאַכען די נאַטור זאָל זיין „פריי”, טרויענס־ווערט פאַר דער גוט און וואָהל פון דער גאַנצער בריאה און פאַר דעם קיום המין. און פונקט ווי אין דער נאַטירליכער וועלט, אַזוי אויך אין דער גייסטיגער און מאָראַלער וועלט. אויך דאָרט איז אַבסאָלוטע פרייהייט אומעגליך.

פרייהייט פון געדאַנקען! — איך זאָג, למשל, איך האָב די פרייהייט צו טראַכטען קלעהרען און דיינקען ווי איך וויל, —קיין ספק ניט דאָס געדאַנקען־פרייהייט איז איינע פון די הייליגסטע רעכט און פריווילעגיען וועלכע מיר פאַרמאָגען. מען קען מיר קייטען מיינע הענט, מיינע פיס, מען קען צוימען און קאָנטראָלירען געוויסע טהאַטען אָדער באַוועגונגען פון מיין קערפּער, מען קען מיך איינשפּאַרען אין טורמע, און אוים־שליסען די ליכט פון דער זון אין אַ פינסטערען צעל, אָבער די באַוועגונגען פון מח און מיין אינטעליגענץ, וועסטו זאָגען, קען מען ניט קאָנטראָלירען אָדער צוימען, מען קען די גע־

הירען ניט קיטלען. און אויב מיין קערפער איז איינגעצוימט, איז אָבער מיין דענקונגס-אַפּאַראַט פריי, — אָבער אויב דו דענקסט אזוי, האָסטו אַ טעות. דער פאַקט איז דאָס אונזערע געדאַנקען זיינען זעהר אָפט אונטערוואַרפען צו אַנדערע פּסיכאָלאָגישע געזעצען וועלכע קאָנטראָלירען און דירעקטי־רען אונזערע געדאַנקען און מחשבות. ניט אַלע מאָל קענען מיר טראַכטען פון זאַכען וועלכע זיינען אונז אנגענעהם אָדער אויסמיידען ניט צו טראַכטען פון זאַכען וועלכע זיינען אונז אונאַנגענעם, אָדער אבשייליך. דער מערדער וויל געוויס ניט טראַכטען פון זיין קרבן, אָבער דער געדאַנק וועגען זיין קרבן רודפ'ט און פּלאַגט איהם און באַאומרוהיגט איהם זיין גאַנצען לעבען. זיין פארגאָסענע בלוט שרייט ארויס פון דער ערד און איז זיך גרויזאַם נוקם.

אין דעם באַריהמטען ווערק „אָנקעל טאָם'ס קעבין", מאָלט די פאַרפאַסערין, העריעט ביטשער סטאָו די געוויסענ־ביסע, די אונרוהיגע טעג און שלאָפלאָזע טרוימען-שרעקענדע נעכט וועלכע מאַטערען דעם געוויסען פון אַ רייכען שקלאַ־פען באַזיצער ווען ער טראַכט, ניט ווילענדיג, פון זיינע קרבנות וועמען ער האָט גרויזאַם באַהאַנדעלט. דער שווערד פּלאָגט דעם געוויסען פון ליידי מאקבעטה. זי „זעהט" איהם שטענדיג פאַר איהרע אויגען ווען זי דיינקט אָדער טראַכט פון איהר קרבן.

זעהר אָפט פאַלען מיר אריין אין יאוש, אין פּעסימיזם, אין אַ געדריקטע און טרויעריגע שטימונג גראַדע אין די מאָ־מענטען פון פרייד און גליק. גאַנץ אומבאַמערקט באַקומט זיך אַ געדאַנק וועגען אַ געוויסע אומגליקליכע פּאַסירונג אין אונזער לעבען אָדער אין דעם לעבען פון אַ פריינד. זעהר אָפט הערען מיר זיפצען אָדער מיר זעהן טרעהרען ביי אַ חתונה אָדער ביי אַ שמחה, אַ געדאַנק וועגען דער צוקונפט פון די

פארבינדעטע, אָדער וועגען אַ געליבטען וועלכער האָט געזאָלט זיין אנוועזענד ביי דער שמחה און זיין, אָדער איהר, פּלאַץ איז ליידיג, ניט פארנומען, צוליעב די גרויזאַמקייט פון טויט, וועל־כער האָט דעם טייערען פּערזאָן אַוועקגעריסען פון אונז.

נעכטען אָוונט, זיצענדיג ביים סדר טיש, האָבען פי־לע פון אונז געמישט רויטע וויין מיט הייסע טרעהרען צוליעב דער אבוועזענהייט פון סדר טיש פון די יעניגע וועלכע זיינען פאר־אַ־יאָהרען געזעסען צוזאַמען מיט אונז, און זיינען יעצט אוועק צו דער אייביגקייט. און אויך דער היפך איז אמת, איין פרעהליכער בליץ אין מח קען אונז מאַכען פארגעסען אָן דעם פּעסימיזם, פארצווייפלונג אָדער טרויער אין וועלכען מיר האָבען זיך געפונען אַ ווײַלע צוריק. אַלזאָ דער געדאנק, דער מענשליכער מח, איז ניט פריי.

— פרייהייט פון געוויסען?!

אויך דאָ איז דער מענש געפּענטענט און געצאַמט ביי געוויסע געזעצען וועלכע ער קען ניט קאָנטראָלירען, און צו וועלכע ער איז אונטערוואָרפען. געוויסען הייסט אי־נערליכע איבערצייגונג, וועלכע באַשטימט פאר מיר צו אַ געוויסע האַנדלונג אין גוט אָדער שלעכט. ווען איך האָב געטאָן גוטעס פיהל איך אַ אינערליכע צופרידענ־הייט. ווען איך האָב געטאָן שלעכטס, פיהל איך געוויסענ־ביסע און פארדרוס, איך האָב חרטה. אָבער די צרה איז דאָ דאָס די טערמינען „גוט" און „שלעכט" — „טוב", „רע" — זיי־נען טערמינען וועלכע זיינען און קענען פארשידענאַרטיג אויסגעשטייטשט און פארשטאַנען ווערען, זיי זיינען אונטער־וואָרפען צו געוויסע אומשטענדן און אומגעבונגען.

הרג'ענען אַ מענשען איז דער גרעסטער פארברעכען וועלכע די געזעלשאַפט האָט אַנערקענט און גיט דעם גרעס־טען שטראָף צו אַ מערדער. די גאַנצע געזעלשאַפט רעוואָל־טירט געגען אַזאַ פארברעכען. אָבער „טויט" שטראָף וועלכע

ווערט אויסגעפיהרט דורך דער שטאַאַט איז ניט רעוואָלטירענד, דאָס הייסט „געזעצליכער" מאָרד.

אין היטלער׳ס מדינה קייקלען זיך אָפּגעהאַקטע קעפּ אין זאַמד, און דער „הענקער" אָדער דער „קעפּ-שניידער" געהט אָנ-געטאָן אין אַ צילינדער הוט און אין אַ „פול-דרעס-סוט" ביי דעם בלוטיגען מערדערישען אַקט פון עקזעקוציע און מיל-יאָנען נאַצים ימ"ש יובעלען דערביי, שוין ניט ריידענדיג פון געוויסען ביסע אָדער חרטה. אין דעם קאָמוניסטישען רוס-לאַנד ווערען טויזענטער מענשען געשאָסען צוליעב זייער גע-וויסען, צוליעב זייערע איבערצייגונגען. אויך דאָ, אין אונזער פרייע ציוויליזירטע אַמעריקא ארבייט דער עלעקטריק טשער ליידער צו אָפט, און די געזעלשאַפט רעוואָלטירט ניט געגען אַזאַ „געזעצליכען" מאָרד, אַ מאָרד וועלכער טהוט קיינעם גור-טעם, ווייל עס האָט קיינעם ניט אָפּגעהאַלטען פון פארברע-כען, פון באַגעהן מאָרד-טהאַטען. מאָרד איז מאָרד, אַליין איינס צו עס ווערט באַגאַנגען פון אַ יחיד צו פון שטאַאַט.

מען לערענט און מען קנעלט מיט אונז די הלכות פון דער ווערדע פון מענשליכע לעבענס. מען זאָגט אונז דאָס מענשליכע לעבען איז הייליג און טייער. די מענשליכע גע-זעלשאַפט האָט געשאַפען אַנשטאַלטען און אינסטיטוציעס צו פּרעזערווירען און פארלייגערען דעם מענשליכען לעבען, אָבער אַ נאַציאָן וועט ניט פיהלען אַ ברעקעל געוויסען-ביסע צו שיקען מיליאָנען פון איהרע בעסטע און געזונדסטע קינדער אויפ׳ן שלאַכט-פעלד אלס קרבנות אויף דעם מזבח פון מולך, דעם פייער גאָט, פון אַ פאַלשען באַגריף פון פּאַטריאָטיזם און ליבע צום פאָטערלאַנד. פופצעהן מיליאָנען יונגע לעבענס זיי-נען אומגעקומען אין דער וועלט-קריעג. און ווען דער שלום קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין זשענעווא, האָט דער פאַקט דאָס אזוי פיעל מענשליכע לעבענס זיינען אומגע-קומען און מעהרערע מאָל אַזויפיל טראַגעדיעס געשאַפען, האָט

קיינעם פון די דעלעגאַטען ניט געריהרט. די פראגע איז נאָר געווען צו וועט דיזער אָדער יענער באַשלוס ניט אָנריהרען אָדער באַשעדיגען דעם "נאַציאָנאַלען שטאָלץ" פון דיזע אָדער יענע באַטרעפענדע נאַציאָן, לייגענדיג דאַמיט דינאַמיט און פולווער פאַר די נעקסטע מלחמה וועלכע ווען עס זאָל חלילה פאַסירען וועט פאַר'שרפה'נען די ערד זעלבסט, און איהר הערט קיינע פראָטעסטען געגען אַזאַ מין סאָרט צודרעהטען געוויסען. ריינע מאָראַלע געוויסען?! — אַזאַ זאַך איז גאָר ניטאָ, עס איז ניט בנמצא אויף דער וועלט. און טאָמער ערשיינט יאָ אַ גרויסער מאָראלער גייסט וועלכער רעדט צום מענשליכען געוויסען, און אפעלירט צו דער מענשליכער הארץ און נשמה, ווי וואודראו ווילסאָן, ווערט ער אויסגעלאַכט אַלס טרוימער און שווערמער און פאַלט אַ קרבן אויף דעם מזבח פון געוויסענ־לאָזיגקייט.

אויך די נביאים, די גרויסע גייסטער וועלכע האָבען געפייערט און געדונערט פאַר יושר און געוויסען זיינען מיס־פאַרשטאַנען געוואָרען, און אויסגעלאַכט געוואָרען, — „משגע איש הרוח — אויל הנביא".

ווען די מענשהייט וואָלט געהאַט געוויסענס־פרייהייט, וואָלט קיינמאָל ניט פאָרגעקומען אַזאַ טראַגעדיע ווי די אי־דישע פאר די לעצטע צוויי טויזענד יאָהר. ווען עס וואָלט געווען געוויסענס־פרייהייט, וואָלט די דייטשישע אידישע טראגעדיע ניט פאָרגעקומען. די מענשהייט וואָלט אויפגע־שטאַנען ווי איין מאן געגען אַזאַ מאַניאַק און בעסטיע ווי היטלער ימ"ש וזכרו.

מיר הערען זעהר אָפט וועגען רעדע פרייהייט אָדער פרעסע־פרייהייט. איך צווייפעל זעהר שטאַרק וועגען די „הייליגקייטען" פון דיזע פרייהייטען. און איך בין נאָך ניט זיכער צו עס איז געזונט פאַר דער געזעלשאַפט צו ערלויבען אַבסאָלוטע פרייהייטען צום צונג אָדער פעדער. געזונטע

עהרליך געמיינטע קריטיק איז אַ ברכה פאר דער געזעלשאַפט. קאָנט רופט עס אָן „קריטיק דער ריינען פערנונפט”. אַזוינע קרי־טיק שאַפט פראָגרעס און ציוויליזאַציע. מיינונגס־פארשידענ־הייטען קריסטאַליזירען דעם מענשליכען געדאנק און צייגען אן אויף אַ קולטורעלע ענטוויקעלטע געזעלשאַפט. אַבסאָלוטע אחדות עקזיסטירט צווישען פראים, וואו דער לעבען איז אָרעם און אַלע פאָלגען דעם הויפּטלינג. אויך דייטשלאנד צייגט די סמנים פון אַ ווילדען מצב פון די אַמאָליגע טוטאנער, די געצענדינער, די נאָכפאָלגער פון וואָטאן. מיינונגס־פאר־שידענהייטען און פאַרטייען אין אַ לאַנד פארהיטען אַמאָל פון גרעסטע אומגליקען. אברהם און זיין פאָטער תרח האָבען געהאַט פארשידענע מיינונגען וועגען גאָט און זיין מהות, און דאָס האָט געבראכט אַ גייסטיגע רעוואָלוציע אויף דער וועלט, אַ רעוואָלוציע וואָס האָט געבראכט ליכט אויף דער וועלט.

דער תפלין של ראש איז צושפאָלטען, און דארף זיין צושפאָלטען, מחות דענקען ניט גלייך, איינער דיינקט אַנדערש פון דעם צווייטען — „כשם שאין פרצופיהן דומין כך אין דעותיהם שוות” — אָבער ווען דער תפלין של ראש איז צו־שפאָלטען, דאן דארף דער תפלין של יד זיין גאנץ, ווייל דער תפלין של יד איז מכוון כנגד הלב, קאָרעספּאָנדירט די הארץ, אויב די הארץ איז ריין, עהרליך, דאן זיינען מיינונגס־פארשי־דענהייטען און אפילו קריטיק ווילקאָמען. אָבער ווען די האַרץ איז פארדאָרבען און פארפוילט, דאן איז רעדע־פרייהייט און פרעסע־פרייהייט אן אומגליק. עס גיבען מיילער וועלכע עס וואָלט געזינטער זיין פאר דער געזעלשאַפט ווען זיי וואָלטען זיין שטום. אַ פרעססע וועלכע איז געל, אוממאָראַליש פאר־סמ'ט און פארדאָרבט, און רופט ארויס האַס, קנאה שנאה און צושטערט דעם געזעלשאַפטליכען גלייכגעוויכט. און וואָס איז אמת וואָס אנבאַלאַנגט אַ געוויסע פרעסע, איז אויך אמת וואָס אַנבאַלאַנגט דעם טעאַטער וואו באַוועגליכע בילדי

פאר׳סמ׳ן, פארדארבען יונגע מחות. דיזע אלע פרייהייטען מוזען אין אַ געוויסען זינן קאָנטראָלירט ווערען פון געוויסע געזעצען און רעגולאַציעס, ווען ניט הייסט עס הפקרות.

„ואתהלכה ברחבה, כי פקודיך דרשתי״ (תהלים קי״ט)

איך געה אין דער פרייהייט ווייל איך געה אין די וועגען פון דיינע באַפעלען. אָט דיזע באַפעלען, דיזע דינים אין דער תורה מאַכען עס מעגליך פאר מיר דאָס איך זאָל געהן פריי און געזיכערט.

ווען די אידען האָבען געוואונען זייער פרייהייט פון דעם יאָך פון די פרעה׳ס זיינען זיי געקומען צום בארג סיני וואו זיי האָבען געקראָגען אַ תורה פון רמ״ח מצות עשה און שס״ה מצות לא תעשה. אָט דאָס איז דער אינהאַלט פון פרייהייטס יום טוב וועלכע מיר אידען פייערען פסח, אַ יום טוב וועלכע פראקלאמירט צו דער וועלט דעם געדאנק דאָס פרייהייט איז ניט הפקרות און דאָס עס מוז קאָנטראָלירט ווע־רען.

# דרוש להזכרת נשמות
## (אחרון של פסח)

## לעבעדיגע שטימע פון קבר

וכל אותן השנים שהיו ישראל במדבר היו שני ארונות הללו אחד של מת ואחד של שכינה מהלכים זה עם זה. והיו עוברים ושבים אומרים: מה טיבם של שני ארונות הללו? אמרו: אחד של מת ואחד של שכינה. (סוטה י״ג).

די אידען זיינען באַפרייט געוואָרען פון זייער קנעכט־שאַפט און געפינען זיך אין׳ם וויסטען מדבר וועלכער איז טרו־קען, קיין פלאַנצונג איז אין איהר צו זעהן, קיינע גרינע גראָז, קיין בוים זעהט מען פאר די אויגען, און קיין שאָטען וואו זיך צו פארבאָרגען פון דער ברענענדיגער זון, אָבער עגדישען און שלאַנגען זיינען דאָ לרוב. די רייזע איז אַ לאַנגזאַמע און אַ האָפ־נונגסלאָזע. משה רבנו נעמט מיט זיך דעם ארון וואָס ענטהאַלט די ביינער פון יוסף, אלס סימבאָל פון בטחון און האָפנונג. יוסף איז אריינגעוואָרפען געוואָרען אין אַ גרוב וואו עס האָבען זיך געפונען נחשים ועקרבים; יוסף וועלכער איז פארקויפט געוואָרען פאַר אַ קנעכט און איז אריינגעוואָרפען געוואָרען אין בית הסהר איז דערהויבען געוואָרען צו דער הכסטער מדרגה אין פרעה׳ס קעניגרייך, די מדרגה פון „ובלעדו לא ירים איש את ידו ואת רגלו״. די זכרונות וועגען יוסף׳ס ירידה און גלאַנץ האָ־בען דערמוטיגט דעם דור המדבר צו לעבען און האָפנונג, אימער־צו געהן פאָרווערטס און בייקומען אלע מכשולים און די אבני נגף אין זייער וואַנדערונג. און זיי האָבען דאַרין געזעהן די

שכינה וועלכע וועט זיי דערפיהרען צו זייער ענד-ציעל, צו דער פארשפּראָכענער לאַנד ארץ ישראל, וואו זיי וועלען שמי-דען זייער גאָלדענע קייט אלס ממלכת כהנים וגוי קדוש.

ביידע ארונות, סיי פון דעם מת, סיי פון דער שכינה, האָבען סימבאליזירט איינע און די זעלבע זאך. יוסף אַ קנעכט און א געפאנגענער אין מצרים האָט מיטגעפיהרט מיט זיך די שכינה. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסען אָן זיין אידישקייט, ער האָט אלעמען דערצעהלט אז ער איז א איש עברי, ער האָט געוואוסט זיין אָפּשטאַם. דער ארון פון יוסף'ן האָט ניט רעפּרעזענטירט סתם טויטעביינער נאָר לעבען, האָפנונג און גייסטיגע שטרעבונגען.

אויך היינט ווען מיר זיינען זיך צוזאמען געקומען אין דעם מקום קדוש מזכיר נשמות צו זיין אונזערע עלטערען, דענקען מיר ניט פון קברים און טויט, נאָר מיר דענקען פון לעבען פון אַ הייליגען שטרעבען אָנצוהאַלטען אונזער אידישען גייסטיגען לעבען טראָץ די פיעלע מכשולים וואָס ליגען אין אונזער וועג און טראָץ די „שלעכטע צייטען". דער שעהנסטער נאָמען, לויט דעם אידישען באגריף, פאר דעם פּלאַץ וואו עס ליגען די ביינער פון אונזערע עלטערען און געליבטע איז ניט „בית הקברות" נאָר „בית החיים" — אַ הויז פון לעבען, ווייל די יעניגע וועלכע רוהען דאָרט אין זייער אייביגקייט האָבען מיט זיך סימבאָליזירט אידישעס לעבען, דאָס לעבען פון אי-דישען פאָלק, וואָס דערלענגערען זיין עקזיסטענץ אלס אומה „כי הם חיינו ואורך ימינו" — וואו זיי האָבען געוואנדערט האָ-בען זיי די שכינה מיטגעפיהרט מיט זיך. אויך אַהער אין אמע-ריקע האָבען זיי מיטגעבראכט דעם ארון פון דער שכינה און זיי האָבען דאָ געבויט שולען, תלמוד תורות און ישיבות. איינוואַנדערענדיג דאָ אין דעם נייעם לאַנד, וועלכע איז זיי גע-ווען ווי א מדבר, פרעמד און גאנץ פארשידען ווי די אלטע היים, האָבען אונזערע טאַטעס און מאַמעס, ועמעס הייליגע

נשמות מיר דערמאָנען היינט, אַנגעפאנגען צו בויען אַ נייעם אידישען לעבן און האָבען פארפלאַנצט אַ נייע אכסניה של תורה, אַ נייעם מקום מנוחה פאר דער וואנדערענדער שכינה. ווי שלעכט די אומשטענדען זיינען ניט געווען, און ווי, געוועהנליך, זיינען די אומשטענדען פון פּיאָנערען קיינמאָל ניט איבריג גינסטיג, דאָך האָבען זיי ניט פארנאַכלעסיגט די ירושה וועל־כע זיי האָבען גע׳ירש׳נט פון זייערע עלטערען. און נאָך בע־פאָר זיי האָבען געהאַט די מעגליכקייט זיך מאַטעריעל צו באַ־פעסטיגען, האָבען זיי געטרייט צו באַפעסטיגען דעם אידישען גייסט. מיר, זייערע קינדער, האָבען זיי גע׳ירש׳נט, האָבען מיר אויך גע׳ירש׳נט זייער בטחון, זייער מוט, איז אַז די צייטען זיי־נען גוט, אַז עס געהט גוט — איז ער נאָך צו דערליידען, דערמאָנט זיך אַ איד ווי־נישט־איז אָן זיינע פליכטען צו גאָט, צו דער תורה און צו זיין פאָלק. זיינען אָבער די צייטען ח״ו ניט אַזוי גלענצענד, איז די ערשטע זאַך פון וואָס אַ איד זוכט פטור צו ווערען, איז דער ארון פון דער שכינה.

פיער מאָל אין יאָהר, דריי מאָל אינ׳ם לעצטען טאָג פון די שלש רגלים און איין מאָל אום יום כפור, שיקען מיר א גרוס צו אונזערע געשטאָרבענע עלטערען, מאַכען מיר דעם רבונו של עולם כביכול פאר אונזער שליח, ער זאָל אויף די פליגלען פון זיין שכינה אריבערטראָגען אונזערע הארציגסטע געפיהלען צו אונזערע ליעבסטע, וואָס זיינען פון אונז אוועקגעגאנגען.

אין די טעג פון אונזער העכסטער פרייד, ווען מיר פייערען אונזער באפרייאונג פון דער קנעכטשאַפט אין מצרים, ווען מיר דערמאָנען די נסים, וואָס דער אויבערשטער האָט אונז דעמאָלט באַוויזען, דארפען מיר געדענקען, אז מיר זיי־נען אין גלות און דער בית־המקדש איז פארברענט ואין לנו לא כהן בעבודתו ולא לוי בדוכנו. און ווען עס קומט אָן דער לעצטער טאָג פונ׳ם יום־טוב, ווען מיר האַלטען שוין נאָהנט צום אריבערגעהן צו דער אַלטעגליכער וואָכעדיגקייט פונ׳ם

לעבען, דאַרפען מיר געדענקען די ליעבסטע אונזערע; וואָס זיי־נען פון אונז אוועקגעריסען געוואָרען — און צוזאמען מיט זיי דאַרפען מיר אויך דערמאָנען די אַלע צדיקים וקדושים, וואָס זיינען פון אונז אַוועקגעגאַנגען, ווי דער מדרש זאָגט, אַז „קשה מיתת צדיקים כשרפת בית אלהינו".

בעטען מיר היינט צום אויבערשטען, ער זאָל געבען א פולשטענדיגע רוה, מנוחה נכונה אויף די פליגלען פון זיין שכינה צו די נשמות פון אונזערע ליעבסטע.

דאָס דערמאָנען די נשמות פון אונזערע ליעבסטע האָט נאָך די באַדייטונג, מיר זאָלען נישט אזוי שטאַרק פיהלען די שרעקליכקייט פון'ם טויט. ווען מיר געהען אַמאָל בעזוכען די קברים פון אונזערע ליעבסטע און מיר בעטען זיי, זיי זאָ־לען זיין גוטע מליצים פאר אונז, גלויבען מיר, אז די אויסגעליי־טערטע נשמות פון אונזערע ליעבסטע זיינען נישט אין גאַנ־צען אָפּגעריסען פון אונז, אז זיי שוועבען איבער אונזערע קעפּ און זיי פיהלען אונזערע וועהטאָגען, אז עס איז אויך גרויס זייער ווערדע ביי זיין ליבען נאָמען, און ווען זיי וועלען זיך פאר אונז איינשטעלען, קענען זיי פאר אונז אויס פועל'ן, וואָס אונזער הארץ גלוסט.

שמועסען מיר זיך אַזוי היינט דורך מיט אונזערע ליעב־סטע, זעהען מיר, ווי גרויס און ערהאבען עס איז דאָס וואָרט פון'ם בעל־שם־טוב, וועלכער פלעגט זאָגען: „וואָס איז אייגענט־ליך אזוי שרעקליך אינ'ם טויט? איז דאָך דאָס נישט מעהר ווי אן איבערגאנג פון איין צושטאַנד אין אונזער לעבען צו א צוויי־טען צושטאַנד, גלייך ווי דער איבערגאנג פון איין צימער אין אַ צווייטען"..

בעטען מיר פון דאַנען אוים אויף די קברים פון אונזערע געשטאָרבענע און מיר נעמען אויפ'ן זינען, וואָס דער ספר חסידים זאָגט אויפ'ן פסוק „ותעל שכבת הטל", אַז דאָס מיינט „שכבת שוכני קבר", די געשטאָרבענע וואָס באַדעקען מיט

זייער זכות די גאַנצע מחנה ישראל. און ווי די גמרא זאָגט ביי כלב בן יפונה, וועלכער האָט זיך אָפּגעטיילט פון די מרגלים און ער איז געגאַנגען בעטען אויפ'ן קבר פון די אבות, זיי זאָלאָען פאר איהם בעטען ביי גאָט, ער זאָל איהם אָפּראַטעווען פון דער שלעכטער געזעלשאַפט.

וועגן דעם זעלבען ענין זאָגט דער ספרי אין דער פרשה פון „עגלה ערופה": „כפר לעמך, אלו החיים, אשר פדית, אלו המתים, מלמד שהמתים צריכים כפרה והחיים פודים אותם". דאָס וויל אונז זאָגען, אז די מתים, וואָס מיר בעטען זיך ביי זיי, זיי זאָלען פאר אונז בעטען, דארפען, אז מיר זאָלען זיי העלפען צו זייער זכותביים אויבערשטען — דורך אונזערע נדבות, ווי מיר לייענען דאָס היינט אין דער פרשה פון'ם לעצטען טאָג יום טוב: „פתוח תפתח את ידך לאחיך, לעניך ולאביונך בארצך" און ווי עס שטעהט ווייטער „איש כמתנת ידו כברכת ה'".

און ווי קענען מיר היינט געדענקען אונזערע ליעבסטע אויף אַ בעסערען אופן ווי נאָר דורך אונזער הילף צו די תלמוד תורות און ישיבות? — אין די טעג פון אונזער טרויער ר"ל זוכען מיר געוועהנליך א טרייסט אין אונזער אלטען תהלים אָדער מיר נעמען זיך לערנען א פרק משניות. און ווי וועט דאָס דער שפּעטערער דור קענען טאָהן, ווען מיר וועלען לאָזען פאלען אונזערע תלמוד תורות און מיר וועלען לאָזען בטל ווערען אונזערע ישיבות? ווי אזוי וועט אימיצער לאחר מאה ועשרים שנה אונזער נאָמען געדענקען — און וואָס פאר א ווערדע וועט האָבען אזא געדענקען, ווען עס וועט נישט זיין אזוי האַרציג רעליגיעז דורכגעפיהלט ווי עס איז ביי אונז?

ווען אונזערע אידען האָבען אָנגעהויבען איינוואַנדערען אין אַמעריקא, איז דער רוב זייערער געווען באַזאָרגט בלויז פאר'ן חומר און ס'איז זיי כמעט ווי גאָרנישט איינגעפאלען אַ קלעהר צו טהאָן פאר דער נשמה. די פרייהייט פון אמעריקא האָט זיך דאָן אַנטוויקעלט אין א הפקרות, חנוך הבנים, די ער-

ציהונג פונ׳ם יונגען דור איז דעמאָלט פּשוט באַטראַכט געוואָרען ווי עפּעס אַ מינדערוויכטיגקייט, וועלכע דאַרף קיינעם נישט קי־מערען. דאָס הארץ האָט אָפּילו מאַנכע פון אונזערע אידען זעהר וועה געטאָן, ווען זיי האָבען דאָס געזעהן, אנדערע האָבען זיך וועגען דעם זעהר שטאַרק געקימערט, אָבער ריהרען אַ האַנד דערצו, טראַכטען וועגען אַ נויטיגער פאַרבעסערונג, איז זעלטען אימיצען איינגעפאַלען. עס קען אפילו נישט געזאָגט ווערען, אז מען האָט חלילה געזשאַלעוועט דאָס געלט, וואָס דער חנוך האָט געדאַרפט קאָסטען. עס האָט נאָר בלויז גע־האַט אַ פּנים ווי ביי יענעם ישוב׳ניק, וועלכער האָט נישט גע־וואוסט, וואָס אַ איד דאַרף טאָן צו די סדרים, האָט ער געקויפט די שעהנסטע און טייערסטע הגדה, האָט זי אַוועקגעלעגט אויף׳ן טיש און האָט אַ זאָג געטאָן: „רבונו של עולם! אָט האָב איך דיר געקויפט אַזאַ שעהנע הגדה, נאָר זאָגען אין איהר קען איך נישט, טאָ נעם און זאָג דיר אליין וואָס און ווי אזוי דו ווילסט״!

ערשט אין די לעצטע יאָהרען האָט זיך אָנגעהויבען ביי אונז אַ שטרעבונג פאַר אידישקייט. די מלחמה האָט אונז באַ־וויזען אז דאָס אמעריקאנער יודענטום איז ביי היינטיגען טאָג דער „שארית הפליטה״ פאַר דער אידישער אמונה. פּוילען און רוסלאַנד, וועלכען אין פריהערדיגע יאָהרען זיינען געווען די פעסטונגען פונ׳ם קיום היהדות, זיינען היינט אין גאַנצען וואַ־קעלדיג געוואָרען. אין פּוילען הערשט אַ שרעקליכער דלות, וועל־כער שטערט אויף יעדען שריט און „אם איין קמח אין תורה״. און וועגען רוסלאַנד דאַרף מען ניט ערשט דערציילען, ווי אזוי אידישקייט ווערט דאָרט גע׳רודף׳ט. איז דערפאַר אויף אמע־ריקא דער גאַנצער חוב, צו ראַטעווען, וואָס עס לאָזט זיך ראַ־טעווען. העלפען די אידען אין פּוילען, זיי זאָלען קענען אָנ־האַלטען זייערע תלמוד תורות און ישיבות, איז אוודאי זעהר אַ גוטע זאַך. זאָל דער אויבערשטער שטאַרקען די הענד פון אלע,

וואָס העלפען צו דעם דאָזיגען הייליגען צוועק. איז אָבער יעצט געקומען אַ צייט, וואָס מיר דארפען מעהר זאָרגען פאר אונזערע היגע אייגענע תלמוד תורות און ישיבות.

צו אָפט האָבען מיר וועהרענד דעם לעצטען יאָהר באַ־קומען צו הערען וועה געשרייען פון אונזערע תלמוד תורות און ישיבות. דער דאָזיגער וועה־געשריי איז אויך נישט געבליבען הענגען אין די לופטען, ווייל ער האָט געהאַט זיין ווירקונג און מען האָט די אינסטיטוציעס אָפּגעראַטעוועט פון א פלוצים'די־גען אונטערגאנג. איז אָבער די הילף געווען אַ קאַרגע און דער קיום פון די אינסטיטוציעס איז נישט געזיכערט געוואָרען. פאר אַ רגע האָט מען דעם חולה מסוכן אָפּגעראַטעוועט, אָבער די נויטיגע רפואה האָט מען איהם נאָך אלץ נישט געגעבען און די סכנה פאר זיין לעבען איז היינט אפשר שטאַרקער ווי פריה־ער...

איך וויים, אַז מען וועט מיר ענטפערען „קריזים". די פרנסה איז געשלאָגען, ביזנעס איז פּאַראַליזירט, גבירים זיי־נען ארונטער פון דער מדרגה, דער מיטעלשטאַנד איז פאר־אָרימט געוואָרען און ארבייטער געהען ארום אָהן ארבייט. קען מען זיך נישט ערלויבען קיין לוקסוס, האָט מען נישט אין זינען קיין אַלגעמיינע אינסטיטוציעס, ווייל יעדער דארף קוקען פאר זיך.

האָבען מיר אָבער אַ גרויסען גאָט, טאָר מען נישט פאַרלירען די האָפנונג, אַז די צייטען וועלען זיך אין גי־כען פאַרבעסערען, און אז מיר האָפען אויף בעסערע צייטען, מוזען מיר זיך דאָס ביים אויבערשטען פאַרדינען, און פאַרדינען אַזאַ גרויסע זאַך ווי בעסערע צייטען קענען מיר נאָר אינ'ם זכות פון אונזערע קינדער, ווען מיר וועלען זיך באַשטרעבען, ווען מיר וועלן אָנשטרענגען אונזערע כחות זיי צו ערציהען אויף אַן אמת אידישען שטייגער.

אמר רבה בר בר חנה, אמר יוחנן משום ר' יהודה בר

אלעאי: בא וראה מה בין דורות הראשונים לדורות אחרונים. דורות הראשונים שעשו תורתן קבע ומלאכתן ארעי זה וזה נתקיים בידם. דורות האחרונים שעשו מלאכתן קבע ותורתן ארעי זה וזה לא נתקיים בידם (ברכות ל״ה:). יהודה בר אלעאי באַקלאָגט זיך אויף די מענשען פון זיין דור אַז זיי זיינען ניט גלייך מיט די מענשען פון פריהערדיגע דורות. אין פריהער־דיגע דורות, אין צייטען בעפאָר, האָט דאָס גייסטיג לעבען, דאָס תורה לערנען א. ז. וו. פארנומען דעם ערשטען פּלאַץ, און זיי האָבען זיך פארנומען מיט מאַטעריעלע באַשעפטיגען נאָר אויף אַזוי פיעל אום בכח צו זיין אָנצוהאַלטען די העכערע ציעלען פון לעבען, דערפאר זיינען זיי טאַקי געווען ערפאָלגרייך איןביידע זאַכען, אין דעם גייסטיגען און אין דעם מאַטעריעלען זין. אָבער די היינטיגע דורות מאַכען זייערע מאַטעריעלע אונטערנעה־מונגען פאר דאָס הויפּט מאָטיוו פונ׳ם לעבען, און די תורה, די גייסטיגקייט שטעלען זיי אַוועק אויף דער צווייטער, אויף דער נידריגסטער מדרגה, און דער רעזולטאַט דערפון איז אַז ביידע זיינען אַ דורכפאַל.

און דער כלל איז גילטיג אינ׳ם לעבען פון אַ יחיד, איז דאָס אינ׳ם לעבען פון כלל אודאי און אודאי גילטיג. קהלה לע־בען הייסט גייסטיג לעבען. אַ קהלה מוז פריהער באַזאָרגען איהרע גייסטיגע אָנגעלעגענהייטען. צום אלעם ערשט מוזען פינאַנציעל געזיכערט ווערען די שוהלען, די תלמוד תורות און ישיבות, און נאַכהער ווערען באַזאָרגט די אנדערע אינסטיטו־ציעס, דער רעזולטאַט פון אַזאַ סיסטעם וועט זיין אַ גרויסער דערפאָלג פאר אַלע אינסטיטוציעס. ווען אָבער די אידישע נשמה ווערט פארנאַכלעסיגט, ווען דער אידישער גייסט ווערט פארשטופּט אין הינטערגרונד, באַהויפּטענדיג אַז מען דאַרף פריהער באַזאָרגען אַלע אַנדערע אַנשטאַלטען, דאַן האָט דאָס קהלה לעבען קיין נשמה ניט, עס פעהלט דער אידישער מאָ־טיוו, עס פעהלט באַגייסטערונג, און דאָס גאנצע קהלה-וועזען

ווערט צופאלען און דער רעזולטאַט פון דעם איז אַז אלע אַנ־שטאַלטען ליידען און ווערן מוזען צופאלען.

לאָמיר אַ קוק טהאָן אין דער תוכחה און לאָמיר זעהען, וועלכע איז דאָרט די גרעסטע קללה... האָט אונז דאָרט דער אויבערשטער אָנגעזאָגט אז ווען מיר וועלען איהם נישט פאָל־גען און מיר וועלען נישט געהען אין זיינע וועגען לויט ווי ער האָט געהייסען, וועט זיין „בניך ובנותיך נתונים לעם אחר ועיניך רואות וכלות אליהם" (דיינע זיהן און דיינע טעכטער וועלען אוועקגעגעבען ווערען צו אַן אנדער פאָלק און דיינע אויגען וועלען דאָס זעהן און צו זיי שמאַכטען). פארשטעהט איהר, וואָס דאָס מיינט? מען נעמט אַוועק ביי פאָטער און מוטער זייערע קינדער און מען גיט זיי אוועק צו אַן אנדער פאָלק, זיי צו ערציהען אין אַנ'אַנדער וועג. איז דאָס פונקט אזוי ווי אַ הוהן, וועלכע בריהט אויס קאַטשקעלאַך דערנאָך לאָזען זיך די קאַטשקעלאך אויפ'ן וואַסער און די מאַמע־הוהן, שטעהט פון ווייטען, קען נישט מיטגעהן מיט איהרע קינדער און איז באַזאָרגט עס זאָל זיי דאָרט אויפ'ן וואַסער עטוואָס שלעכטס נישט פאַסירען.

מיר רעכענען אויך אויס יעדען טאָג אין אונזער דאוו־נען אלע מצוות „שאדם אוכל פירותיהם בעולם הזה והקרן קימת לעולם הבא", וואָס ווען מיר טוהען די דאָזיגע מצוות, עסען מיר זייערע פירות, דעם אינטערעס הייסט עס, אויף דער וועלט און דער קרן בלייבט אונז גאַנץ פאר עולם הבא, די דאָ־זיגע מצוות זיינען: בכבוד־האַלטען טאַטע־מאַמע, געבען „גמילות חסדים", אויפשטעהען און געהן יעדען טאָג אין דער פריה און פארנאַכט אין בית־המדרש, באַזוכען קראנקע און „תלמוד תורה כנגד כלם".

לאָמיר אויך אַ קוק טהאָן, וואָס עס האָט אונז אויפגע־האַלטען אין די לאַנגע יאָהרען פון אונזער גלות. איז דאָס גע־ווען „תינוקות של בית רבן", אזוי זאָגט אויך די גמרא „אין

העולם מתקיים אלא בשביל הבל פיהם של תינוקות של בית רבן" (די וועלט האַלט זיך בלויז אינ'ם זכות פון'ם אָטעמען, וואָס געהט ארוים פון'ם מויל פון אונזערע קינדער). אַן אנדערע גמרא זאָגט „אין מבטלין תינוקות של בית רבן אפילו לבנין בית-המקדש" (מען טאָר נישט מבטל זיין קינדער פון זייער לערנען אפילו צום בויען דעם בית המקדש). און די באדייטונג פון די ראשי-תיבות „תינוקות של בית רבן" איז „תשבר", דאָס מיינט צוברעכען, ווייל ווען מיר האַלטען אָן אונזערע תינוקות של בית רבן, צוברעכט דאָס און מאַכט צונישט אַלע שלעכטע אומשטענדען און עס גיט אונז די זיכערקייט אַז די אידישע אמונה האָט איהר אַלטען אָנהאַלט.

וועט מען מיר אפשר ווענדען פרעגען צו איז עס גאָר מעגליך אַז אַלע אונזערע אַמעריקאַנער קינדער זאָלען קריגען די זעלבע אידישע ערציהונג ווי מיר האָבען עס געקראָגען אין דער אַלטער היים? וועל איך אויף דעם ענטפערען אַז מיר מוזען שטרעבען צו דער מדרגה פון „כל בניך למודי ה'" און „ומלאה הארץ דעה". אָבער ווען מיר זאָלען אפילו ווענדען צוגעבען, אַז נישט אַלע קינדער קענען אויסוואַקסען לומדי תורה, דאַרף מען פון דעסטוועגען געדענקען אַז דאָס בלויזע אריינקוקען אין די הייליגע אותיות און דאָס איינהערען זיך צום קלאַנג פון אונזערע לשון-הקודש'דיגע ווערטער האָט אין זיך דעם כח אַז עס היט אָפּ דעם מענשען, זיין לעבען לאַנג, פון געהן אין שלעכטע וועגען.

די גמרא דערצעהלט אונז אויך אַז די מוטער פון איינעם אַ תנא האָט אָוועקגעשטעלט איהר זוהן ווען ער איז געווען א קינד אין וויגעל, אין'ם פאָרהויז פון'ם בית-המדרש ער זאָל אין זיך איינזאַפּען דעם הייליגען קלאַנג פון'ם לערנען, וועט דאָס שפּעטער האָבען אַ ווירקונג אויף זיין נשמה.

און אקעגען דעם, וואָס מען זאָגט „קריזיס", זאָגען אונזערע ספרים: „כל פרנסת האדם קצובה מרה"ש עד רה"ש חוץ

מתשרי", מיינט דאָס די הוצאות פון תלמוד תורה, שבת, ראש־חודש און יום טוב, וואָס דער אויבערשטער איז ממלא אויף אן אנדערען אופן.

מען דארף אויך וויסען אז עס איז אונז אין אלע יאָהרען פון אונזער גלות קיינמאָל נישט גוט געגאנגען און ווען מען נעמט באַטראַכטען אונזער גאנצען ביז איצטיגען וואנדער־וועג, איז דאָס געווען איין לאנגע קייט פון „קריזים". פון דעסט־וועגען איז „כל מקום שגלו, גלה שכינה עמהם", אומעטום וואוהין מיר זיינען פארטריבען געוואָרען דאָרט איז די שכינה מיט אונז מיטגעגאנגען, ווייל מיר האָבען אומעטום אונזער תורה מיטגענומען. דעם ביסען פון'ם מויל האָבען אונזערע על־טערן אָוועקגענומען פון זיך און האָבען אונז געלאָזט לערנען. דארפען מיר היינט דאָס זעלבע טהאָן פאַר אונזערע קינדער. און אינ'ם זכות פון אונזער הייליגער תורה, וועלכע מיר וועלען לערנען אונזערע קינדער וועט דער „אל מלא רחמים" געדענ־קען דעם זכות פון אונזערע קונדער צו אונז, וועט פאר בעסע־רען די צייטען און אין דער זעלבער צייט וועט ער אויך געדענקען די נשמות פון אונזערע ליעבע געשטאָרבענע און ער וועט זיי נעמען אויף די פליגלען פון זיין שכינה צוזאמען מיט אלע קדושים וטהורים וועלכע לייכטען ווי די קלאָרקייט פונ'ם הימעל — — —

יזכור...

---

# דרוש לשבועות
## אַ געטליך־מענשליכע תורה

„וישב משה לשפוט את העם ויעמד העם על משה מן הבקר עד הערב... ויאמר משה לחתנו כי יבא אלי העם לדרש אלהים. כי יהיה להם דבר בא אלי ושפטתי בין איש ובין רעהו והודעתי את חקי האלהים ואת תורותיו... עתה שמע בקולי איעצך ויהי אלהים עמך, היה אתה לעם מול האלהים... והודעת להם את הדרך ילכו בה ואת המעשה אשר יעשון. ואתה תחזה מכל העם אנשי חיל, אנשי אמת, יראי אלהים. שונאי בצע... ושפטו את העם בכל עת".

די תורה „הקדושה" איז ניט נאָר הייליג, ווייל זי איז געטליך, נאָר אויך ווייל זי איז מענשליך. די תורה איז אַן „עץ חיים", אַ בוים פון לעבען, זי באַהאַנדעלט אלע פאזען פון אלמענשליכען לעבען אין אלע זיינע פאַרצווייגונגען. אין אַנדערע ווערטער, די אַלטעגליכע פאַרהעלטנישען צווישען מענש און מענש אין דער געזעלשאַפט זיינען פונקט אזוי הייליג, פונקט אַזאַ וויכטיגער טייל פון רעליגיע ווי די פאַרהעלטנישען צווישען מענש און גאָט.

ווען דער כביכול האָט געגעבען די תורה צו משה'ן אויפ'ן בארג סיני, האָבען די מלאכים, לויט דעם תלמוד, איינגע'טענה'ט מיט דעם רבונו של עולם, פאר וואָס ער גיט די תורה צו מענשען. „תנה הודך על השמים", די תורה געהערט צו אונז, מלאכים. דער כביכול האָט אָבער געענטפערט: מיין תורה איז אַ מענשליכע און איהר מלאכים זייט גייסטער, פאר אייך איז די תורה נוצלאָז. אין מיין תורה זאָג איך: „אנכי ה'... אשר הוצאתיך מארץ מצרים" — איהר מלאכים זענט אין מצרים ניט געווען, איהר זענט קיינמאָל ניט געווען און

קאַנט קיינמאָל ניט זיין פארקנעכט צו מענשען. מענשען זיי־נען יאָ אונטערוואָרפען, פארקנעכט איינער צום אנדערען. אין מיין תורה שטעהט: „זכור את יום השבת״, כלום אתם עושים מלאכה — איהר, מלאכים, טוט קיין ארבייט ניט, איהר שוויצט ניט איידער איהר קריגט אייער ביסען ברויט, איהר דארפט ניט קיין רוה; מענשען אָבער בלוטיגען און שוויצען „צו מאַכען אַ לעבען״ — זיי דארפען דעם שבת־רוה. אין מיין תורה — זאָגט וויטער דער כביכול — שטעהט: „לא תשא, לא תרצח, לא תגנוב״ — גזל ניט, רויב ניט. משא ומתן יש ביניכם? האַנדעלט און וואַנדעלט איהר דען? מיינע מענשען־קינדער אָבער האָבען סאָציאלע און עקאָנאָמישע פאר־העלטעניששען. זיי דארפען די תורה און צו זיי וועל איך די תורה געבען.

אליהו הנביא, דער מקנא קנאת ד׳ צבאות, ליגט אַ פארצווייפעלטער און אַ פאַרביטערטער איינמאָל אונטער אַ רתם (טייטעלבוים), און אַ צווייטען מאָל אין אַ הייל, אויסגי־סענדיג זיין צאָרן און כעס אויף זיינע מיט־מענשען, וועלכע זיינען גאָטלאָז, פול מיט רויב און מאָרד, ער בעט דעם טויט אויף זיך: „וישאל את נפשו למות״, אָבער ליגענדיג אזוי פאר־צווייפעלט און קרעכצענדיג אויף אַ פאַלשער, פארשאָלטענער געלעזשאַפט, הערט ער די געטליכע שטימע אויסשרייענ־דיג צו איהם מיט פאַראַכטונג: „מה לך פה אליהו״? וואָס טוסטו דאָ אליהו? דיין פלאַץ איז ניט צו זיין אַ מתבודד, אָפּגעשניטען פון דער געזעלשאַפט, פון מענשען מיט זייערע אַלטעגליכע באַדערפנישען און פּראָבלעמען. עס איז זעהר גרינג צו זיין אַ קדוש, אַ הייליגער אין דער מדבר, אָבער ניט דו, געטליכער נביא. אויב דו ווילסט ברייגנען גאָט׳ס וואָרט צו מענשען, דארפסטו געהן צו זיי, פארשטעהן זייער אַלטעג־ליכען לעבען, זאָג זיי: גאָט איז ניט אין שטורם און אין פייער, וואו איינער וויל פארברענען און פארניכטען דעם צווייטען,

אין אַ געזעלשאַפט פון רויב, מאָרד און פּראָפיטען אויף דעם חשבון פון דעם צווייטען, אין אַ געזעלשאַפט פון אומגלייכ־הייט, וואו מענשען זיינען צעטיילט און צעשפּליטערט — אויף איין זייט רייכקייט, לוקסוס, פּאַלאַצען, פעטקייט, וואָס גיסט זיך איבער די מיילער, און אויף דער צווייטער זייט הונגער, נויט, אָרימקייט, קעלט, דאכלאָזיגקייט, פאַרצווייפ־לונג, ברויט־ליניעס, וואו מענשען פאַרלירען זייער מענשליכע ווירדע און מאָראַל, וואו דער צלם אלקים איז שוין לאַנג פאַר־שוואונדען, וווא קינדער שטעהען אין אַ נידעריגערער מדרגה אלם די „פעט"־הינטעלעך אין די רייכע פּאַלאַצען — דאָרט איז גאָט ניטאָ. עס איז אמת, איך האָב געשריבען אין מיין תורה: „כי לא יחדל אביון מן הארץ", איין אייזערנער געזעץ.

איך האָב עס אָבער געמאַכט פאַר אַ געזעץ, דאָס דער אָרימאַן האָט אַ חלק אין דיין האָב און גוטס, אויף וועלכען דו, גוטס־באַזיצער, ביזט ניט קיין בעל־הבית. מיין תורה איז ראשיתה גמילות חסד וסופה גמילות חסד. מיין תורה זאָגט, אַז די ערד געהערט ניט צו דיר, מענש, „כי לי כל הארץ". איך האָב דיר פאַרזאָגט אויף די יאָהרען פון שמיטה און יובל, וועגען לקט, שכחה און פּאה, תרומות און מעשרות. איך האָב אָנגעזאָגט: „די מחסורו אשר יחסר לו", דו מוזט דעם אָרימאַן געבען אלץ, וואָס עס פעהלט איהם. איך האָב דיר, מענש, געגעבען יושר'דיגע געזעצען אין מסחר וקנין: „הין צדק, אפת צדק", „לא תלין פעולת שכיר" — דער ארבייטער מוז קריגען זיין געצאָלט. איך גאָט און מיין תורה פאַרהאַ־סען קנעכטשאַפט פון איין מענשען צו אַ צווייטען, און דער מענש, וועלכער ליבט דוקא קנעכטשאַפט, „ואם יאמר העבד אהבתי את אדני... ירצע" — אויב דו ליבסט קנעכטשאַפט, דארף מען דיר בויערען דעם אויער, דו ביזט אַ מיאוס'ע בריאה, דו ביזט אַ שאַנד פאַר דער געזעלשאַפט. מיין תורה, אלזא, זוכט אויסצוגלייכען אלע איבלען אין דער געזעלשאַפט. געה, זאָגט

די געטליכע שטים צו אליהו הנביא, און זאָג זיי, דאָס גאָט איז ניטאָ אין ערדציטערניש. די יעניגע וועלכע ווילען ענדערען די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע געזעלשאַפט מיט בלוט-פאַר־גיסונג און פייער, דינען פאַלשע געטער, זיי וועלען זייער ציעל ניט ערגרייכען, זיי וועלען פאַרוואַנדלען מיין שעהנע וועלט אין אַ טאָל פון בלוט און טרעהרען. געה, דו נביא פון גאָט צו די מענשען-קינדער. ניט אלע זיינען פאַרדאָרבען, עס איז נאָך דאָ עהרליכקייט אויף דער וועלט, עס זיינען נאָך גע־בליבען „זיבען טויזענט, וועלכע קניהען ניט צו בעל", עס זיינען נאָך דאָ גוטע נשמות, אַ גוטער מענשען-מאַטעריאַל, מיט וועמען דו קאָנסט ארבייטען, צו דערהויבען די געפאַלענע, באַנקראָטירטע געזעלשאַפט... געה זאָלב חזאל קעניג אויף ארם, יהוא אויף ישראל און אלישע אַ נביא אויף דיין פלאַץ... פאַראינטערעסיר זיך ניט נאָר מיט דאָס געטליכע, נאָר אויך מיט די פּאָליטישע אומשטענדען און פראַגען פון דיין צייט. די פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע פראגען זיינען אַ טייל פון רעליגיע און גאָטהייט.

מערקווירדיג, דאָס איידער אליהו איז אָנגעזאָגט גע־וואָרען אויף זיין שליחות צו ערציהען און בילדען זיינע מיט־מענשען גייסטיג, סאָציאַל, עקאָנאָמיש און פּאָליטיש, האָט איהם דער מלאך פון גאָט געצייגט איין עגת רצפים וצפחת מים, ברויט מיט וואסער. אליהו, דער געטליכער, מוז פריהער זיין אין אַ גוטען פיזישען צושטאַנד, אום ער זאָל קאָנען פריי־דיגען יושר צווישען מענשען. מען קאָן ניט ברייננגען גאָט, תורה, יושר און מענשליכקייט צו הונגעריגע און פאַר'חלש'טע.

מיר לעבען איצט דורך אַ געפעהרליכע קריטישע צייט. דער גאנצער ביז איצטיגער עקאָנאָמישער, סאָציאַלער און געזעלשאַפטליכער בנין האַלט ביים צעפאַלען. די ציוויליזאַציע זעלבסט איז אין געפאַהר פון אונטערגאַנג — אַזוי האָט

געזאָגט עקס-פּרעזידענט הואווער אין זיינער אַ רעדע. די גאַנצע וועלט איז אין שרעק פאַר דער אומזיכערער צוקונפט. זי שרעקט זיך פאַר דעם טייפעל, וועלכען זי האָט אליין געשאַפען. און אונזער אַמעריקע, אַ לאַנד געבענשט מיט כל טוב, מיט רייכע נאַטור-אוצרות, מיט שפּייכלער פול מיט תבואות, באַנקען אָנגעשטאָפּט מיט ביליאָנען — זיינען דאָ 12 מיליאָן אַרבייטסלאָזע און הונגעריגע מיט מיליאָנען מענשליכע טראַגעדיעס. פאַרצווייפעלט פרעגט איהר: „שומר מה מליל?” — ווי לאַנג נאָך וועט די פינסטערניש הערשען? וועט דער מאָרגען שיינען? קאָן מען איבערהויפּט וואַרטען אויף אַ בעסערער צוקונפט? איז נאָך דאָ אַ האָפנונג אויף בעסערע צייטען?

וואָס, איבערהויפּט דאַרף זיין די שטעלונג פון רעליגיע צו דער איצטיגער לאַגע? ערפילט רעליגיע איהר פליכט זיך איינשליסענדיג אין קלויסטער, אָפּגעבענדיג זיך נאָר מיט׳ן הימעל און איגנאָרירען ערדישע, אלטעגליך, מענשליכע פּראָבּלעמען? די שטים פון רעליגיע איז נאָך איצט אויך מעכטיג און ווירקאַזם, זי גרייכט אַ ווירקזאַמערען און מעהר איינפלוסרייכערען עלעמענט, ווי די צעהיצטע „זיף-באָקס” אָראַטאָרס אויף די גאַסען-ווינקלען — וואָרום שווייגט זי?

וואָס דאַרף זיין די שטעלונג פון אידענטום, פון דער אידישער רעליגיע צו דער איצטיגער קריטישער צייט? מיט אַן ערך אַכט-און צוואַנציג הונדערט יאָהר צוריק האָט אַ אידישער גייסט — עמוס איז זיין נאָמען — געלאָזט הערען זיין מעכטיגע שטימע געגן די וועלט-פאַרשלינגער „על מכרם בכסף צדיק ואביון בעבור נעלים”, וועלכע פאַרקויפען גערעכטיגקייט פאַר געלט און די אָרימע פאַר אַ פּאָר שיך, וועלכע גלוסטען די ערד אויף די קעפּ פון די אונטערדריקטע — „וועה צו די פעטע קיה פון בשן”, וועלכע רויבען און צעשמעטערען די אומבאַהאָלפענע, זאָגענדיג זייערע מענער, ברייננגט אונז, אום

מיר זאָלען האָבען צו טרינקען אין די פּאַלאַצען פון די על־פאַנט־ביינער. איז אָט דער גייסט, די אמת־געטליכע שטים פון רעליגיע טויט? וואָס דאַרף זיין, פרעגט זיך, דער אידישער צוגאַנג, די אידישע פּאַסונג צו דער איצטיגער באַנקראָטירטער געזעלשאַפט?

דער ענטפער ליגט אין די אויבענדערמאָנטע פּסוקים פון דער היינטיגער סדרה. אין מייסטערהאַפטע שטריכען מאָלט דאָ די תורה אַ וואונדערבאַר־מענשליך בילד. משה, דער איש האלקים, דער אדון הנביאים; משה, וועלכער האָט גערעדט מיט גאָט פּנים אל פּנים, זיצט פון מאָרגען ביז אָוונט — אַ גאַנצען טאָג ערנסט און טיף פאַראינטערעסירט, אויס־הערענדיג די מענשליכע אַלטעגליכע קריוודעס. ער טראָגט אויף זיך די לאַסט פון זעקס הונדערט טויזענט מענשען, וועל־כער קומען צו איהם מיט זייערע טענות און זוכען אויסגליי־כונג. די אידען, פאַרלאָזענדיג מצרים, האָבען מיטגענומען אַ רכוש גדול, ביזת הים און ביזת מצרים. די אידען האָבען אָקאָרשט „פאַרשוואַכט" עמלק און איהם גע'ירש'ענט. עס איז נאַטירליך, דאָס אונטער אַזעלכע אומשטענדען זאָלען זיין פאַרשלינגערס און פאַרשלונגענע, מעכטיגע און שוואַכע, ריי־כע און אָרימע, קריוודעס און געקריוודעטע. משה רבנו הערט זיך געדולדיג צו צו זייערע פּראָבלעמען. ער טיילט אויס יושר און גערעכטיגקייט, ער משפּט צווישען איינעם און דעם אנדערען. זיין שווער יתרו פיהלט, דאָס משה וועט פאַלען אונטער דעם שווערען יאָך, עס איז אַ פיזישע אוממענגליכ־קייט פאַר איהם אליין צו שליכטען די אלע מענשליכע מיס־פאַרשטענדנישען. ער ראָט איהם אויסצוקלייבען מענשען פון פאָלק, וועלכע זאָלען איהם ארויסהעלפען אין זיין שווערער אַרבייט, מענשען, וועלכע זיינען פּעהיג, מענשען וועלכע פירכטען גאָט, מענשען, וועלכע האָבען „פיינט פּראָפיטען", שונאי בצע.

ווי טיעף די אַלטע אידישע חכמים, די אמת'ע מפרשים פון דער תורה וועלכע האָבען פאַרשטאַנען די גרונט-פּרינציפּען פון אידענטום, שטיצענדיג זיך אויף די פּסוקים, קאָמענטירען זיי: „כל דיין שדן דין אמת לאמתו מעלה עליו הכ׳ כאילו נעשה שותף להקב"ה במעשה בראשית, וכל דיין שאינו דן דין אמת לאמתו גורם לשכינה שתסתלק מישראל שנאמר: משוד עניים מאנקת אביונים עתה אקום יאמר ה׳" (שבת י׳, סנהדרין ז׳).

דער אידישער דיין מוז פּסק'ענען, ניט נאָר לויט דעם דין, ער מוז זיך דערגרונטעווען צו דעם טיפען אמת פון דעם דין (לאמתו). אויב ער טוט דאָס, איז דער דיין, דער אידישער גייסטיגער פיהרער, אַ שאַפענדע קראַפט אין דער געזעלשאַפט, אַ שותף צום כביכול און מאַכט, דאָס די שכינה זאָל זיין צווישען מענשען אויף דער ערד; דער, וואָס דערגרונטעוועט זיך אָבער ניט צו דעם טיפען אמת און באַגריף פון דין, ער איז ניט פון די „אַנשי אמת", ער האָט מורא צו זאָגען דעם אמת, טאָמער וועט עס וועמען באַליידיגען, ער האָט מורא צו לאָזען הערען די מעכטיגע שטים פון יושר, ער איז „אַ נביא כובש את נבואתו", ער שמייכעלט צו די יעניגע, וועלכע ליבען „בצע". אַזאַ דיין איז גורם, דאָס די שכינה זאָל אַוועקגעהן, ווייל אזוי זאָגט גאָט: צוליב דעם רויב פון די אָרימע, צוליב דעם וועה-געשריי פון די אונטערדריקטע וועל איך גאָט זיך אויפשטעלען (אקום) אוועקצוגעהן פון זיי. עס זיינען געווען צייטען ביי אידען, און ניט אין דער וייטער פאַרגאַנגענהייט, ווען דער אידישער גייסטיגער פאַרשטעהער איז געווען „אומאָפּהענגיג", ער האָט קיין מורא ניט געהאַט צו זאָגען דעם אמת, ער איז ניט געווען אונטערוואָרפען מיט זיין פאַמילע צום „ווילען" פון פאָלק, ער איז געווען ווייניגער אַ „מוכיח" און מעהר אַ "דיין", ער האָט ניט געדאַרפט שווענקען זיין מויל אויף „שטיינער" און „ביינער", ער האָט ניט געדאַרפט געפעלען זיין דעם פאָלק מיט זיינע דרשות טאָג און

נאַכט, ער איז געווען דער „דיין“, אויסגעהערט מענשליכע סכסוכים, מענשליכע ליידען, אויסגעגלייכט קרומקייט, גע־משפט צווישען מענש און מענש. דער גייסטליכער, לויט דעם אידישען טראַדיציאָנעלען באַגריף איז דער יעניגער וועלכער האַלט אָן די געזעלשאַפטליכע גלייכקייט, און דאָס איז רעליגיע, און דאָס זיינע די הויפט־מאָטיווען פון אידישקייט.

עקאָנאָמישע און סאָציאַלע סיסטעמען זיינען אַ טייל פון דער מענשליכער נאַטור, זיי ווערען געשאַפען פון מענשען, און מענשען קאָנען רעאַגירען אויף זיי, מענשען קאָנען אָט די באַדינגונגען קאָנטראָלירען און מאָדיפיצירען. אום דאָס צו דערגרייכען איז נויטיג סאָציאַלע אויסבילדונג און ערציהונג. די איינציגע, וועלכע קאָנען טאָן די דאָזיגע ערציהערישע אר־בייט, זיינען די רעליגיעזע לעהרער, די רעליגיע, וועלכע ווערט געפריידיגט פון „אנשי אמת שונאי בצע. ניט קאָמוניסטען, ניט טעכנאָקראַטען אָדער פיזיאָקראַטען קאָנען עטוואָס טאָן צו ברייגנען אַ מעהר מענשליכען, געזעלשאַפטליכען צוזאמענ־לעבען. זייער הילף, אפילו ווען עס זאָל פּאסירען, איז נאָר צייטווייליג. רעליגיע, פאַראינטערעסירט אין עקאָנאָמי־שע, סאָציאַלע, פּאָליטישע און אל־מענשליכע ערדישע פּראָבלעמען, איז דער בעסטער, ווירקזאַמסטער מיטעל צו ער־ציהען מענשען אויף אַ בעסערען, גליקליכערען אויסקוק אויף דעם געביט פון מענשליכען צוזאמענלעבען.

קריסטענטום, וועלכע האָט די מאַכט, צעהלענדיג אַ האַלבען ביליאָן אין איהרע רייהען אין דער ציוויליזירטער גע־זעלשאַפט, איז אַ שרעקליכער און מיאוס'ער דורכפאַל. אין דער צייט פון שרעקליכען וועלט־קריג, וועלכער האָט גע־רויבט פופצעהן מיליאָן מענשליכע לעבענס און כמעט פאַר־ברענט די ערד אליין, האָט די קירך ניט נאָר ניט אויפגע־הויבען איהר שטים געגען דער בלוט־באָד, נאָר האָט נאָך „קנעכטיש“ געהאָלפען און אינספּירירט די בלוטיגע רעגי־

רער אויסגיסענדיג איהר הארץ אין תפלה צום „פאָטער” אין הימעל און זיין „זוהן”, דאָס זיי זאָלען מצליח זיין די חיילות פון זייערע באַטרעפענדע לענדער אום מעהר בלוט צו פאַר־גיסען, מעהר צו מערדערען און פארברענען לעבענס און היי־מען פון'ם „שונא”, וועלכער גלויבט אין זעלבען „פאָטער” אין הימעל און זיין „זוהן”. די קירך, די מאַכטהאָבערין פאר די לעצטע צוויי טויזענט יאָהר, האָט ניט נאָר ניט דערצויגען גע־זעלשאַפטליך איהרע נאָכפאָלגער, נאָר האָט געבראַכט שנאה און האַס און צעשפליטערונג אויף אַלע געביטען פון מענשלי־כען צוזאמענלעבען.

די געזעלשאַפט ליגט אַ פאַר'חלש'טע, אַ הילפלאָזע, זי גארט און לעכצט נאָך ליכט און ערפרישונג. וועט דאָס אי־דענטום, דאָס איינציגע אמת'ע געטליך־מענשליכע אויפפא־סונג פון מענשליכען לעבען; די רעליגיע, וועלכע איז אַן „ א ו ר ל ג ו י י ם ” — אַ ליכט צו די פעלקער, אויפהוי־בען איהר אמת'ע געטליך־מענשליכע שטים געגען דער עקזים־טירענדער אומרעכט?!

אינדוסטריע דארף זיין מאָראליזירט, ביזנעס אינספי־רירט פון גייסטיגע מאָטיווען; פינאַנס — עטיזירט. עס איז פונקט אזוי הייליג צו שאַפען ברויט און עס פארקויפען צו מענשען, ווי צו „ פ אַ ר ק ו י פ ע ן ” גייסטליכקייט; עס איז פונקט אַזוי עטיש צו בויען און פארקויפען היימען, צו באַשיצען גאָט'ס ברואים געשאַפען אין זיין געשטאַלט, צו נייהען און פארקויפען קליידער און אז. וו., ווי צו „פארקוי־פען” בילדונג, עטיק, געזונט און כאַראַקטער.

אויב אידישקייט דריקט זיך שוין יאָ אויס אין ריידען צום פאָלק, זאָל עס אויסגענוצט ווערען אין אַ ווירקזאמער ריכ־טונג, אום צו ברייגגען אַ שעהנערע, ליכטיגערע צוקונפט. אידענטום איז דאָס איינציגע ליכט אין דער איצטיגער האָפ־נונגסלאָזיגקייט.